№ 21. צווייטער יאהרגאנג

# יודישע פאלקס-צייטונג

כ"ג אייר תרס"ג. פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא. 20 Mai 1903.



די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג" איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

## „הילף"

### די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

### געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די **בעסטע יודישע שריפטשטעלער**, וואס שרייבען זשארגאן און העברעאיש און אויך די וואס שרייבען אין אייראפעאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך **אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.**

די רעדאקציע וועט זיך געבען אלע מיהע, אז די הוצאות פון דעם זאמעל-בוך זאל זיין ווינציגער און ער זאל פונדעסטוועגען ארויסקומען שען געדרוקט, אויף גוט פאפיער און מיט א רייכען אינטערעסאנטען אינהאלט.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג".



# בוכהאנדלונג

פון

## מרדכי קאצענעלענבאגען אין ווילנא

**(עקסעסטירט שאן 50 יאהר).**

איך רעכען פיר איבריג צו לויבען און רעקלאמירען מיין בוכהאנדלונג, וועלכע עקסעסטירט שאן זא לאנג און האט זיך א שם־טוב ערווארבען, די פיעלע און גוטע אונזערע אויסגאבען, הן אין העבראעיש הן אין זשארגאן, זענען די בעסטע עדות דערויף. איך מאך נור אויפ־מערקזאם, דאס די לעצטע צייט האט זיך מיין **געשעפט פיעל אויסגעבעסערט און פערגרעסערט געווארען מיט פיעל העבראעישע און זשארגאנישע ביכער,** וועלכע זענען ערשיענען דורך **מיין פערלאג,** און שטענדיג געפינט זיך אויפ'ן לאגער א גרויסער אויסוואהל פון אלע זשארגאנישע בעסטע ביכער, פון די בעסטע בעריהמטע שריפטשטעלער.

אויך געפינט זיך אין מיין בוכהאנדלונג אלע ספרי חנוך ולמוד (אוצעבניקעם) מכל הפערלאגען; ספרי מליצה ושיר, ספרי פלפול ודרוש וכל מיני רומעל מכל בתי־הדפוס הן ממדינתנו והן מחו"ל.

איך פערקויף צו ביליגע פרייזען די אלע פאל־גענדע ביכער פון מיין אייגענעם פערלאג:

**כל שירי גארדאן** פרייז מיט פארטא 7 רובל.

**ספרי פרץ סמאלענסקין** פרייז 13.90 רובל מ"פ.

**בית הספר השלם** מיט רוסיש און זשארגאן חלק א' 50 קאפ'; חלק ב' 60 קאפ'; חלק ג' 90 קאפ'.

**בית הספר השלם** מיט רוסיש חלק א' 40 קאפ'; חלק ב' 55 קאפ'; חלק ג' 80 קאפ'.

**מטמון הילדים** חלק א' 60 קאפ'.

**המהנך השלם** מאת גדליהו סופר מיט רוסיש און זשארגאן 80 קאפ'; מיט זשארגאן אליין 60 קאפ'.

יעצט איז ערשיענען דורך מיין פערלאג די נייע אוצעבניקעם:

**תינוקות לבית רבן** פיר אנפענגער, פרייז 15 קאפ' מיט פארטא.

**פרדס הילדים** פיר אנפענגער, מיט פראכטפאלע אילוסטראציעס, גראסארטיג געדרוקט, פרייז מיט פאר' 50 קאפ'.

**בוכהענדלער און ציוניסטישע אגודות בעקומען פראצענט.**

187 10—7

אדרעססע:

Въ книжный и картинный магазинъ
М. КАЦЕНЕЛЕНБОГЕНЪ, г. г. ВИЛЬНА.

---

# טאשען אוהרען בהצי חנם!



פיר 3 רובל מיט 50 קאפ. קאן יעדער איינציגער בעקומען פראנק און פריי צו הויזע פער נאכנאמע אהן האנדגעלד א עכט גוטען ניקעל רעמאנטער, וואס ציהט זיך אן ביין אויער איין מאל אין 36 שעה.

די זעלבע אוהרען אין **שווארצען שטאל** מיט 50 קאפ' טהייערער. — **עכט פערגאלדעטע** מיט גאראנטיע נור 5 רובל.

אום צו פערברייטערען אונזערע גוט בעקאנטע וואארע ווירד צוגעגעבען צו יעדע אוהר א עכט דובלע גאלדענע פאנצער קעטע מיט א ברעלאק **גאנץ אומזאנסט.** דער ברעלאק קאן זיין מיט א לארנעטקע, וואס צייגט פערשיעדענע פיקאנטנע בילדער פון דאמען געשלעכט. (208) 6—2

אויך עלעגאנט אויסגעפיהרטע „מוזיק אוהרען סימפאניע", זעלבסטשפיעלער וועלכע פיהרען אויס גאנץ הויך און לאנג אלע שאנסטע פאלקס ליעדער, מארשען, וואלצען, פאלקעס, אפערן א. ד. ג מיט עלעגאנטעם פאנטאזיונעם ציפערבלאט פיר 7 רובל קאפ. מיט פארטא. — 2 שטיק נור 14 רובל.

יעדע איהר איז אויסרעגולירט צו דער מינוטע, גאראנטירט פיר גוטען גאנג אויף 8 יאהר. בעשטעלונגען ווערען גלייכצייטיג און פינקטליך ארויס געשיקט.

**Складъ Часовъ Ю. Якубовича, Варшава, С. Георгія 16.**

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

**יהושע טייטעלבוים** דזיקא 18



נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקלען, אקסידירען, און בראנזירען פערשיעדענע מעטאל ארבייט. עס ווערד אויך אנגענומען אלטע זילבערנע און פערזילבערטע כלים אויף צו פרישען ווי גאנץ נייע. גאראנטיערט פיר דויערהאפטיגקייט און צו גאנץ מעסיגע פרייזען.

נייעם! פערשיעדענע אויסלענדישע פרעססונגען, ווי אויך דאמען־גירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ בילליג.

20—21 (99)

---

## „Chromolin"

**„כראמאלין"** דאס איינציגע ניט שאדליכע מיטעל צום פוצען און קאסערווירען שוהווערק, מאכט א זעלטענעם גלאנץ. פערקויף אין שוהווערק מאגאזינען און אפטעקען און סקלאדעס

12—1 (209)

**אגענטען ווערדען געזוכט**

L. Schneider,
Warszawa Nowy-Świat 34.

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפליכע ערקלערונג **חנם לכל דורש.**

**Я Найдичъ, Варшава.**

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

## ד"ר י. אלאפין

12 11

**ווארשא, טלאמאצקי 1.**

בעהאנדעלט הויט־, וועגערישע קראנקהייטען און מענערשוועכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה און פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

---

פאבריק פון פייערפעסטע 1993—15

## אייזערנע קאססעס



עמפפעהלט איהר אויסארבייטונג נאך נייעסטעם סיסטעם, קאנקורירט מיט די פרייזען און פערגרעסערט די №№ געגען אנדערע פאבריקען פרייז קוראנטען פראנקא

**Ш. Хари,** Варшава, Новолипье 40

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אוים גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25־יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**
Варшава, Слизкая 22.
(105) 25 - 3

---

הוצאת ישורון:

## הדשה!

**כל כתבי ראובן אשר ברוידעס**

לע"ע יצאו לאור:

א) **שתי הקצות** ב"ח, מחירו 1.50 רובל.
ב) **שירים עתיקים,** מחירו 50 קאפ

לפנות אל: 201 2—3

**Книгоизд. Іешурунъ, Вильна**

---

בבית מסחר הספרים של האחים

## לעווין עפשטיין ושותפיהם

**ווארשא, גענשא נומר 5.**

נמצא להמכר יותר משלשת אלפים מיני ספרים מכל המקצעות והם: חומשים מחזורים, סדורים, שו"ת, דרוש, פוסקים, שס"ם ואלפסין, ספרי למוד, מליצה, מחקר, שיר והספרות היפה; ספורים בזארגאן. — בית־המסחר הנ"ל ממלא רצון הקונה עצהיו"ט.

אדרעסע:

**Ком. тов. Братьевъ Левинъ-Эпштейнъ и Ком.**
**Варшава, Гусья № 5.**

**Kom. Ges. Gebr. Lewin-Epstein & Co., Warschau,**
168 **Gesiastr. 5.** 11—11

קאטאלאג מפורט יצא לאור, מהירו 20 קאפ.

---

## לעזט און הערט דעם אמת!!

אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אוים קיין שום ברוך. דאס גוטינקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.



זאלכ... פערפערטיגט אין ... פאבריק וועלכ... איז בעעהרט געווו... מעדאילע ... ארסקע ...לונג

**Д. Мошковскій, Варшава**
Налевки № 37

(135) 50—11

צווייטער יאהרגאנג. | Jüdische Volks-Zeitung | Nr. 21.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 .
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 .
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

אנדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע פאלקס-צייטונג

### א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מיגדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל אונ דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.



רבקה גאלדצוויג
שלמה זלמן וולאדאווסקי
מארשים.
ווארשא ניסן התרס"ג.

הנני מברך מקרב לב בברכת מז"ט את דודי מר ש. ז. ולודוסקי בבאו בברית הארוסין עם העלמה מרת רבקה גולדצויג.

ורשה ניסן התרס"ג — **שמואל איש-טוב.**

## דער צירקולאר

### פון מיניסטער דעם אינערן צו די גובערנאטארען, גראדאנאטשאלניקעם אונ אבער-פאליציי-מייסטערם:

דעם 6-טען אונ 7-טען אפריל איז אין דער שטאדט קישינוב דורך די איינוואהנער פון דער שטאדט, איבערהויפט פון דעם פראסטען עולם, געמאכט געווארען אונרוהען געגען די דארטיגע יודען. דערביי זענען 45 מענשען געהרג'עט געווארען אדער געשטארבען פון וואונדען, 74 זענען שווער פארוואונדעט, אונ איין ערך ביז 350 לייכט פארוואונדעט. אין דער צייט פון די אונרוהען, ווען מען האט אויך ראבירט דאס יודישע פארמעגען, האט מען אויסראבירט 700 יודישע הייזער אונ 600 קראמען. די סליעדסטווא, וועלכע איז צוליב דעם געמאכט געווארען, האט דערוויזען, אז די דאזיגע אונרוהען זענען ארויסגעקומען מחמת די שנאה, וועלכע האט זיך די לעצטע צייט געוויזען צווישען די קריסטען אונ יודען פון בעסאראבער גובערניע. ביי אזא שנאה האט יעדער נארישער קלאנג וועגען יודען געקאנט אויפרייצען די ווילדקייט פון דעם פראסטען המון. אזא סבה איז אויך געוועזען די פאלקשע בעשולדיגונג אויף יודען, אז זיי האבען געהרג'עט צוליב א רעליגיעזען צוועק אין דעם שטעדטל דובאסאר, אין די דערבייאיגע שטעדטלעך פון חערסאן אונ קיעוו אונ אין קישינוב גופא איינגע קריסטען. דאס פארשפרייטען פון אזוינע סארטען אויסגעטראכטע זאכען האט געבראכט דערצו, אז אין סוף חודש מארט אונ אין אנהויב אפריל איז געווארען א גערעד צווישען די ארבייטער אונ פראסטען עולם פון קישינוב, אז מען דארף נויטווענדיג שלאגען די יודען. עס האבען זיך אויך בעוויזען געשריבענע בלעטלעך, אין וועלכע מען האט פון דאס ניי די יודען בעשולדיגט די אייגענע איבענדערמאנטע בעשולדיגונג אונ האבען אויפגערופען דעם המון, ער זאל הרג'ענען די יודען.

אין דעם ערשטען טאג פון דעם היילינגען „פאסחא" דעם 6-טען אפריל איז זיך דער קישינובער המון צונויפגעקומען אויף דעם פלאץ טשופלענסקי, וואו מען האט געווארט, מען זאל עפענען די באלאגאנעס אונ אנדערע פארוויילונגען. אויף דעם המון האט מען נישט געקאנט בעמערקען קיין שום אונגעוואהנליכעס. ארום 4 דעם זייגער בייטאג האט איינע א קריסטליכע פרוי מיט א קינד אויף דער האנט זיך געזעצט אין א וואגען פון א קארוסעל. דער בעל הבית פון דעם קארוסעל, א יוד, וועלכער איז נישט צופרידען געוועזען דערמיט, האט איהר ארויסגעווארפען פון וואגען אונ האט איהר אזוי געשלאגען, אז זי איז אנידערגעפאלען אונ האט אראבגעלאזט דאס קינד פון די הענט. אט דער צופאל איז געוועזען די נאהנטסטע סבה פון די אומרוהען. דער אויפגעבראכטער המון האט אנגעהויבען ווארפען שטיינער אין די פענסטער פון די דערבייאיגע יודישער וואהנונגען. דערנאך האבען זיך אנגעהויבען אונרוהען אין די דערבייאיגע גאסען אונ דער המון איז זיך צעלאפען אין פארשידענע קווארטאלען, צעברעכענדיג יודישע הייזער אונ קראמען. הינטער די מענשען וואס האבען געבראכען די הייזער, האבען זיך געוויזען אנדערע מענשען, וואס האבען זיך גענומען צו ראבירען דאס פארמעגען. דאס ווילדקייט, וואס האט זיך געשווינד פארשפרייט, האט מען נישט געקאנט באלד איינשטילען אונ עס איז געקומען אזוי ווייט, אז דעם אווענד פון 6-טען אפריל האט דער צערייצטער המון אויסגעגאסען זיין צארן נישט נאר אויף דאס יודישע

פארמעגען, נאר אויף די יודען גופא און עס זענען געהרג'עט געווארען 9 מענשען.

10 דעם זייגער ביי נאכט האבען די אונרוהען אויפגעהערט. אויף דעם צווייטען טאג אין דער פריה זענען צוזאמען געקומען א סך יודען מיט שטעקענס אין די הענט אויף דעם נייעם באזאר אין א צאהל וואס איז געוועזען א סך מעהר פאר די קריסטען, וואס זענען געוועזען אויף דעם אייגענעם ארט און האבען גענומען שלאגען די קריסטען מיט די שטעקענס. דאס געשלעג האט באלד אויפגעהערט. נאר אויף דעם צווייטען עק פון דעם באזאר האבען זיך די יודען ווידער צונויפגעקליבען און זענען ארויפגעפאלען אויף די קריסטען, וועלכע זענען געוועזען ווייניגער פאר זיי. פון דעם יודישען המון האט זיך געהערט א שאס. איין קריסט איז געפאלען פארוואונדעט. באלד דארויף האט זיך ווידער אנגעהויבען אין שטאדט אונרוהען, וועלכע זענען באלד איבערגעגאנגען אין פארוויסטונגען יודישע הייזער און הרג'ענען יודען. די סאלדאטען, וועלכע מען האט פון אווענד ארויסגעשיקט צו היטען די ארדנונג, איז צו שוואך געוועזען און מען האט געמוזט ארויסשיקען נייע סאלדאטען. דערביי האט דער גובערנאטאר איבערגעגעבען די הערשאפט איבער די ארדנונג אין שטאדט ביי די מיליטער-אנפיהרער אין די הענט. די ערשטע אבטיילונג סאלדאטען האבען נישט געקאנט איינשטילען די אונרוהען, ווייל די פאליציי האט נישט גוט פארשטאנען ווי די סאלדאטען צו קאמאנדעווען, האבען זיך די גאסען אנגעפולט נישט נאר מיט די וואס האבען געמאכט די אונרוהען, נאר אויך מיט זייטיגע מענשען, וואס זענען געקומען בלויס צוזעהען. דערנאך, אז מען האט די סאלדאטען צעשטעלט לויט א ריכטיגע ארדנונג אין די קווארטאלען וואו די אונרוהען האבען געהערשט, האבען די אונרוהען אויפגעהערט דעם 7 אפריל פון אווענד און אויף דעם אנדערען טאג איז שוין מעהר קיין אונרוהען נישט געוועזען.

דער פארפאל אין קישינוב האט ארויסגערופען א שרעק ביי די יודישע איינוואהנער און אין פיעלע שטעדט פון דעם רוסישען רייך האט זיך ביי די קריסטליכע איינוואהנער פערשפרייט א קלאנג, אז עס וועט זיין פאגראמען אויף יודען. אין איניגע שטעדט האבען די יודען אנגעהויבען צו מאכען פעראיינען זיך אליין צו בעשיצען. אויף מיין אונטערטעניגסטען דאקלאד וועגען די אויבען דערמאנטע ידיעות פון די אונרוהען, וועלכע עס האט צונויפגענומען אויף דעם ארט דער דירעקטאר פון פאליציי-דעפארטאמענט, האט זיינע קייזערליכע מאיעסטעט מיר בעפוילען, איך זאל מודיע זיין די גובערנאטארען און די בעאמטע פון די שטעדט, אז עס ליגט אויף זיי א חוב, פאר וועלכען זיי זענען פעראנטווארטליך, אז זיי זאלען אנווענדען אלע מיטלען, צו פארהיטען, עס זאל נישט קומען צו קיין רויבעריי און צו בערוהיגען די איינוואהנער, און צו בעזייטיגען די סבות, וועלכע פאראורזאכען א שרעק אויף וואסערע עס איז איינוואהנער פאר זייער לעבען און פארמעגען.

בעקאנט מאכענדיג אייערע עקסעלענץ דעם ווילען פון אונזער קייזער, האלט איך פאר נייטיג אייך מודיע צו זיין ווי איהר זאלט זיך אויפפיהרען: ערשטענס זאל מען קיין פעראיינען, וואס בעשיצען זיך זעלבסט, נישט צולאזען און צווייטענס, אז די בירגערליכע הערשאפט זאל אין דער צייט פון די אונרוהען גענוי טון ווי עס איז געשריבען אין די 15-טע און 16-טע אנמערקונגען צו דער ביילאגע פון דעם פאראגראף 316 פון צווייטען חלק פון געזעץ-בוך, און זיי טארען נישט, ווען זיי רופען דאס מיליטער, זיי אין גאנצען איבערלאזען די השגחה אויף די ארדנונג, נאר זיי מוזען אליין אויך דערביי זיין און צוזאמען מיט דעם מיליטער ארבייטען ענערגיש איינצושטילען דאס ווילדקייט. לויט די כונה פון די אויבען דערמאנטע געזעצע מעגען די בירגערליכע הערשאפט אויפהערען זייער השגחה און ארבייט

# פעליעטאן.

## ווי איך האב זיך אליין א „פאגראם" געמאכט.

### איין עפיזאד פונ'ם יאהר 1881.

שלעכט זענען יענע צייטען געוועזען — דערצעהלט אונז זלמן דער מלמד — און דער מענש, וועלכער האט געלעבט אין זיי, וועט זיי קיינמאל נישט פארגעסען. מען ווערד גרייזגרוי און מען פארגעסט א זאלכע זאכען נישט מעהר; מען ווערד אלט ווי מתושלח און עס מעקען זיך א זאלכע סצענעס נישט מעהר אב פון פאר די אויגען. אזאלכע צייטען — פארשטעהט זיך — איז נאר אונמעגליך, אז זיי זאלען זיך אמאל נאך אומקעהרען; די וועלט — פארשטעהט זיך — האט זיך געביטען, און דאס וואס איז געוועזען, וועט מעהר שוין נישט זיין. אפשר דארט ערגיץ עפים אין א ווייטער מדינה, הינטער די הרי חשך; אפשר צווישען די ווילדע מענשען ערגיץ עפים אין א מדבר קאן זיך נאך א זאלכעס טרעפען, און דעמאלט וועלען אלע גרויסע נאזעטען מאכען א געוואלד, אז די וועלט וועט זיך שאקלען, און די לעזער וועלען לעזען און וועלען נישט גלויבען, און די אלטע ווייבער וועלען זיצען מיט דעם זאק אין דער האנט און וועלען דערציילען איינע דער אנדערער יענע וואונדערליכע „אויסגעטראכטע" מעשות — אבער נישט ביי אונז און אין אונזער צייט! דעריבער, איהר יונגע לייט, וועלכע איהר האט דאס נישט מיט אייערע אויגען געזעהען, איהר קאנט עס גאר נישט גלויבען; אבער איך, איך האב עס געזעהען און געפיהלט און דורכגעלעבט און נישט איין מינוט נאך זענען יענע סצענעס פארשוואונדען מיר פאר מיינע אויגען. עס זענען דאך שוין מעהר ווי צוואנציג יאהר אוועק זייט דענסמאל ביז היינט — און פארט, אזוי באלד ווי איך זיץ אליין פאר נאכט אין די טונקעל-שעה און פארמאך די אויגען און לעג ארויף מיין האנט אויף זיי, דא זעה איך באלד ווידער פאר מיר אלעם, אלעם...

אין „חדר" בין איך געזעסען דענסמאל ביי דער ארבייט, ווי געוועהנליך — איהר קענט דאך מיין חדר? עטליכע ספרים, א טיש און צוויי בעטען, א באנק און דריי שטוהלען, א מעשענער הענגעל-לייכטער מיט פינף רייהרען, אויפ'ן קאמין שטעהען צוויי דריי טעלער און צוויי דריי טעפ, ביים קאמין שטעהט דאס ווינעל פאר'ן קינד, אויף נענעל אן דער וואנט הענגען טלית און תפלין און די עטליכע בגדים, וועלכע מיר האבען — דאס איז דער גאנצער חדר.

פלוצלינג הערט זיך פון ווייטען א וואונדערליך גערויש, בעהאלטען און פארשטיקט און ווי א ווייט וואסער דורך עפים דורך. אפשר איז די ווייסעל פלוצלינג געשטיגען, און דאס וואסער רוישט און פלייצט און גיסט זיך. אבער מיין געסל, וואו איך וואהן, איז ווייט פון דער ווייסעל! דאס גערויש ווערד שטארקער, ווערד נאהנטער — און פלוצלינג הערט זיך אויך א געפייף, א געשריי, א געטומעל.

ערשט דענסטמאל, ווען מען האט די מיליטער־בעאמטע געהייסען זיך בענוצען מיט געוועהר אונ נאר אויף דער צייט, ווען מען מוז שוין געברויכען דאס לעצטע מיטעל צו מאכען ארדנונג".

---

# דער פאגראם אין קישינוב.

— מען האט גענרינדעט איינינע בילינע קיכען. אלע טאג קומען די בעראבעוועטע יודען צוזאמען אין די בילינע קיכען, נעמען עסען פאר זייערע אויסגעהונגערטע פאמיליעס. אבער נאר א קליינער טייל בעקומט, ווייל מען קאן נישט אנגרייטען אזוי פיעל ברויט וויפיעל עס איז נייטיג, דען פון אלע יודישע בעקערייען זענען נאר 4 געבליבען אונ זיי קענען נישט צושטעלען וויפיעל מען דארף.

— די גבירים פון שטאדט זענען זיך צוזאמענגעקומען אונ האבען געשאנקען גרויסע נדבות. עס איז צוזאמענגענומען געווארען ביז 100,000 רובל. אבער דאס איז קיין טפה מן הים נישט וויפיעל מען ברויך.

— דער געוועזענער גובערנאטאר פון קישינוב ה' קאנסטאנטינאוויטש איז געקומען פון פעטערסבורג. ער העלפט זעהר פיעל די ארימע בערויבטע יודען.

— שרעקליך איז אנצוזעהען דעם יודישען שפיטאל. עס ליגען דארט איין ערך פון 400 פערוואונדעטע, דערפון זענען 80 זעהר שווער פארוואונדעט אונ קוים וואס זיי לעבען. הרוגים זענען אין גאנצען דא 41 יודען.

— פאר דעם דירעקטאר פון דעפארטאמענט פאליציע ה' לאפוחין האבען א סך קריסטען עדות געזאגט, אז בשעת דעם פאגראם האבען פיעל אונטערגעהעצט די באסיאקעס אונ האבען צו זיי געשריגען: "שלאגט די יודען". דער דירעקטאר האט אלע עדות אויסגעהערט אונ דערנאך האט ער די יודישע דעפוטאציע, וואס איז ביי איהם געוועזען, בערוהיגט אונ [...]געזאגט, אז ער וועט זארגען, אז נאך אמאל זאלען אזוינע אומגליקען נישט טרעפען.

— אין "בעסאראבעץ" איז אבגעדרוקט א בריף פון דעם סעקרעטאר ביים קישינובער "ביסקופ", אין וועלכען ער לייקענט אב דעם קלאנג, וואס טראגט זיך ארום אין שטאדט אונ אין די ארומיגע דערפער, אז די יודען האבען איינגעבראכען די אלטע רוסישע "צערקעווע" אונ האבען געשחטען צוויי גלחים.

— דעם "הזמן" שרייבט מען: איינער ר' משה צבי קיגל, איין אלטער מאן פון 60 יאהר, א שמש אין דער שוהל "גוציליאווקא", האט מען דערהרג'עט ביים ארון־קודש. ער האט געזעהען ווי דערווילדער פעבעל לאזט זיך מיט גרוים כעס אין שוהל אריין, האט ער זיך געשטעלט ביים ארון־קודש נישט צו דערלאזען מטמא צו זיין די ספרי תורות אונ דארטען האט מען איהם דערהרג'עט מיט גרוים אכזריות. איך האב מיט מיינע איינענע אויגען געזעהען דעם הייליגען מאן. זיין ווייסער קאפ אונ די לאנגע זילבערנע בארד האבען מיך דערמאנט אן איינעם פון די עשרה הרוגי מלכות, אן ר' חנינא בן תרדיון. נאך איינעם ר' דוד בן אברהם חאריטאן האט מען געפונען טויט אין איין ארון, א יונגל מיכאל בן ישעיהו האט מען געפונען דערשטיקט אין איין אויווען. איך האב אלע הרוגים געזעהען, אלע זענען צעהאקט די קעפ מיט הילצערנע אונ אייזערנע שטאנגען, איינעם האט מען איבערגעשניטען דעם האלדז, איינינע זענען דערשטאכען מיט מעסערס.

פון פיעל שטעדט קומט אן הילף, פון יעליסאוועטגראד האט מען דערווייל צוגעשיקט 500 רובל.

—אין איינינע שטעדט אונ דערפער ארום קישינוב האט מען אנגעהויבען מאכען פאגראמען. די פאליציי האט אבער באלד איינגעשטילט.

— די צייטונגען ברענגען, לויט בעפעהל פון גובערנאטאר האבען זיך פאר איהם פארגעשטעלט די פארשטעהער פון אלע יודישע פאר־

---

„מען הרג'עט יודען!" — הער איך זאגען, אונ איך ווייס נישט פון וועמען. איך האב קיינעם נישט געזעהען, אונ האב נאר געהערט.

א מין שווערער וואלקען פארדעקט איין מינוט דעם ליכטיגען טאג, אונ נאך דעם וואלקען — א שטויב, אונ נאך דעם שטויב — א שניי. אבער וואונדערליך! דער טאג איז דאך א קלארער געוועזן אונ געשנייט האט דענסמאל גאר נישט. פלוצלינג קומען פון דער דזיקא גאס א סך פעדערן צו פליהען אונ לאזען זיך אראב אויף דער וואלינסקא גאס, דארט וואו איך וואהן, אונ באלד ווערד א גאנצער בארג פון פעדערן אויף דער ערד.

„די יודען שחט מען אוים! אויף גרזיבאווסקא אונ גרזיבאוו אונ טווארדא האט מען שוין אלע אויסגע'שחט'ען, אז ס'איז קיין איינציגער נישט לעבען געבליבען!" — איך ווייס נישט, ווער עס האט גערעדט. איך האב קיין מענשען נישט געזעהען אונ נאר א קול האב איך געהערט.

ביי דער „נייע וועלט" האט עס זיך אנגעהויבען, ביי דער קאטוילישער קירכע, אונ פון דארט האט עס פארפלייצט אלע יודישע גאסען, רעכטס אונ לינקס. פון איין זייט הערט מען די פינסטערע בשורות פון מאריאנסקא אונ באנגא אונ שליסקא אונ די גאסען ארום, אונ פון דער צווייטער זייט קומען די קולות פון קארמעליצקא אונ דזיעלנא אונ נאוואליפקי אונ די אנדערע נאהענטע גאסען. דאס בלוט אין די אדערן הייבט אן גערינען צו ווערען.

פלוצלינג הער איך, אז מיר דא, אויף אונזערע גאסען ארום, האבען זיך נישט וואס צו שרעקען. די יודען אויף אונזערע גאסען האבען זיך צוזאמענגענומען, מיט שטעקענס אונ מיט אייזענס אין האנט, אונ זענען בערייט מלחמה צו האלטען אונ די רוצחים נישט אריינצולאזען.

אבער דאס איז פאלש נעוועזן. פון עק גענשא הערט מען דעם שרעקליכען גע'רעש: מען ברעכט די שויבען אונ די פענסטער, מען צעשמעטערט די מעבעל, מען צעטראגט די קראמען.

איך פארגנב'ע זיך אויף איין רגע ארוים פאר די טיר אונ קוק.

זעקס אדער אכט ווילד אויסזעהעדיגע יונגען בעלאגערן די קראם פון נפתלי לפידות אונ האקען מיט העק אויף די טירען. באלד פליהען פון דארט ארוים גאנצע שטיקער זיידענס, אטלאס אונ סאמעט. איינע, א פארשכור'טע פרוי, וועלכע קאן זיך קוים אויף די פים האלטען, הייבט אויף פון דער ערד פארשידענע קליידער־זאכען אונ טוט זיך אן איין קלייד איבער דעם צווייטען.

ענטקעגען ביי ראובן מארנאלין ווארפט מען אראב דורך דעם פענסטער פון צווייטען שטאק א פארטעפיאן. דער פארטעפיאן צעברעכט זיך אין שטיקער. שטיקער פאלען אויף די פים פון צוויי יונגען, וועלכע שטעהען אונטען. באלד פליהט פון אויבען אראב אויך א שפיגעל אין א נאלדענער ראמקע, אונ באלד דארויף — קארטינעס מיט עהל געמאלט.

ביי מרדכי דעם שענקער האבען זיי געעפענט די קראנעס פון די פעסער, אונ דער בראנפען גיסט זיך אין שטראמען אויפ'ן גאס

טייען, אין גאנצען 25 מענשען, דערונטער אויך ד"ר ראבינער ה' עטינגער. דער גובערנאטאר האט זיי געזאגט מוסר: עס ליגט אויף אייך א הייליגער חוב צו ווירקען אויף אייערע ברידער, אז זיי זאלען נישט נאכטראגען קיין שנאה און נישט דענקען וועגען נקמה, זיי זאלען פארגעסען אלץ וואס מען האט זיי געטאן. אלע דארפען איצט לעבען בשלום און זעהען אין שטאדט זאל זיין רוהיג, זאל זיך יעדער יוד צוריק נעמען צו דער ארבייט יעדער מיט וואס ער בעשעפטיגט זיך און זאל זיך משתדל זיין אויך געבען די קריסטען צו פארדינען.

אלע דעפוטירטע האבען אויסגעהערט דעם גובערנאטארס מוסר — און האבען געשוויגען.

— פון דעם 15 אפריל אן צעטיילט די קישינובער יודישע געמיינדע פאר די ארעמע 600 פוד ברויט א טאג, צוויי פונט פאר יעדען מענשען. 2,500 מיטאגען ווערד יעדען טאג צעטיילט אומזוסט אין דער יודישער בילינער קיך. א סך פון די וואס קומען נאך ברויט האבען אפילו נישט געליטען פון פאגראם, נאר זיי געהען ארום צוליב דעם פאגראם אהן ארבייט און פארדיענען נישט אויף חיונה. דערפאר זענען דא א סך פון די וואס האבען יא געליטען, וואס שעמען זיך צו קומען נאך ברויט און ליידען בעסער הונגער.

ד"ר כהן־בערנשטיין איז געפאהרען אלס דעלעגאט פון קישינוב נאך פעטערסבורג.

דעם „המליץ" שרייבט מען: דער עלענד און די ארימקייט ביי קישינובער יודען איז שרעקליך; 4000 פאמיליען זענען געבליבען אהן ברויט. אויף דעם פאגראם האבען זיך די קישינובער קריסטען שוין געריכט פון פריהער, דאס זעהט מען ארויס פון דעם ווייטערדיגען פאקט: דעם 7 אפריל בשעת דער פאגראם איז מיט זיין גאנצען גלות אויסגעבראכען, בין איך מיט נאך פיעל יודען געוועזען אין האטעל „לאנדאן", וואו מיר זענען זיכערער געוועזען ווי ביי זיך אין דער היים, צוויי דעם זייגער איז אריינגעלאפען אין אימפעט און דערשראקען, מיין שוועער ה' גראבקאפיטאל, וועלכער האט איין אייגענעם מויער אויף דער ארמיאנסקי גאס, ער האט זיך בעהאלטען מיט די ווייב און קינדער אין א שטאל און האט געהייסען דעם סטאראזש, ער זאל איהם געבען צו וויסען פון אלץ וואס אין שטוב טוט זיך. דער סטאראזש איז אריינגעקומען צו מיין שוועער אין שטאל און האט איהם דערצעהלט, אז א בעקאנטער קריסט פרעגט אויף איהם. דער שוועער איז צו איהם ארויס און דער קריסט האט איהם געזאגט, אז דער שוועער זאל איהם ארויס געבען א פאפיער, אז ער האט איהם פארקויפט דאס קאמיש (משערעט), וועלכע ער האט ביים שטאדט, דען סאי ווי סאי וועט דאס נישט מעהר דעם שוועער געהערען, דען באלד וועט קומען א סוף אויף אלע יודען, גלייכער ער זאל עס איהם, זיין בעקאנטען, אוועקגעבען איידער עס זאל פארברענט ווערען, דען באלד וועלען אנקומען די שכנים און וועלען עס אונטערצינדען. אבער אז זיי וועלען דערוויסען, אז דאס געהערט נישט מעהר קיין יודען וועלען זיי עס נישט ריהרען. אז מיין שוועער האט עס דערהערט, האט ער שוין מורא בעקומען צו זיין אין שטאל און איז אריבער צו אונז אין האטעל און האט זיין בעקאנטען געגעבען דעם פאפיער.

איינער א פארוואונדעטער, וועלכער ליגט אין שפיטאל, האט דערצעהלט, אז בשעת די רויבער זענען צוגעקומען צו זיין הויז, האט ער זיך בעהאלטען אויף דעם הויף, דאס האט איהם אבער נישט געהאלפען. אז די באסיאקעס האבען געענדיגט צערייסען און צעברעכען אלץ וואס עס איז געוועזען אין שטוב, זענען זיי ארויס אויף דעם הויף, וואו זיי האבען איהם געפונען און האבען איהם אזוי לאנג געשלאגען ביז זיי האבען איהם צעבראכען א האנט מיט א פוס און ער איז געבליבען אין חלשות, און זענען אוועק ווייטער. שפעטער אז ער איז אביסל צו זיך געקומען איז פארביי איהם פארביי געגאנגען א יונגער

---

ארוים. דער עולם איז ווילד און משונה און ווי די חיות רעות. מענער און פרויען שעפען מיט די הוילע הענט דעם בראנפען.

פאר'ן בית־מדרש'ל אין ר' אפרים חסיד'ס הויף שטעהט דער שמש, אין טלית און תפלין אנגעטהאן, און בארעט זיך מיט דעם ווילדען עולם און וויל זיי נישט אריין לאזען אין דעם מקום קדוש. א מינוט שפעטער שטעהט ער שוין נישט מעהר, נאר ער ליגט אויף דער ערד איין אויסגעצויגענער. באלד דארויף פליהען צעריסענע שטיקער ספרי־תורות ארוים אויפ'ן גאס.

וואס איז דאס אזאלכעס? — אוים דעם פיערטען שטאק דורך דעם פענסטער ביים עק גאס פאלט אראב א קינד א קליינס אויף דער ערד און בלייבט ליגען. אפנים דאס קינד איז נישט געוועזן גענוג פארזיכטיג און איז נעקראכען אויף דעם פענסטער און איז אראבגעפאלען.

אויף יענער זייט גאס רינגלען ארום א גראמאדע ווילדע יונגען א צוועלף־יעהריג יודיש מיידל. דאס מיידל שרייט געוואלד — דאס בלוט ווערד מיר פארקיהלט אין אלע אברים. אזוי א געוואלט־שרייען האב איך צום ערשטען מאל אין מיין לעבען געהערט.

און פלוצלינג זעהט זיך א שטראל פון פייער. א קראם שטעהט אין פלאמען.

און איך לויף און איך אייל און איך קום צוריק אין מיין חדר אריין. אבער יענע סצענעס, וועלכע איך האב געזעהען, יאגען מיר נאך; וואו איך שטעה, שטעהען אויך זיי פאר מיינע אויגען. איין מינוט שפעטער שטעה איך שוין ווידער אויף דער גאס. די אומרוהיגקייט לאזט מיך נישט איינזיצען אין מיין שטוב.

הערען הער איך, אז מארגען פריה הייבט זיך אן דאס אומגליק אויך ביי אונז אין אונזער גאס.

און אייביג, ווען איך זאל לעבען — יענע נאכט וועל איך נישט מעהר פארגעסען! זעהט איהר, קינדערלעך, די ראזינע ווייסע האר אויף מיין קאפ, וועלכע איהר זעהט, זענען דעמאלט נאך נישט ווייס געוועזן, נאר שווארץ, אבער אין יענער נאכט זענען זיי מיר פלוצלינג בלייך געווארען און איך אליין בין געווארען איין אלטער מאן.

איך האב „על חטא", איך האב „ודוי" געזאגט — אבער מעשה שטן; איך האב אפשר צעהן מאל אנגעהויבען און אלץ נישט געקאנטשעט. אפנים מיינע געדאנקען זענען מיר דעמאלט נישט גאר אין גאנצען קלאר געוועזן. איך געדענק נאר איינס: איך בין געזעסען אויף דער באנק און האב געטראכט און געטראכט; איך האב זיך געפרעגט איינמאל און צווייםאל און הונדערטמאל: רבונו של עולם! פאר וואס קומט דאס אונז אזאלכעס? — פלוצלינג פאלט מיר איין, אז זיי זאגען: וויל מיר זענען אזאלכע, וועלכע זויגען אוים ביי אלעמען דאס בלוט. אבער דאס איז דאך נישט אמת, גלויבט מיר אויף נאמנות אז דאס איז נישט אמת! ווען איך וואלט וויסען, וואו זיי געפינען זיך, וואלט

ראזבאיניק און האט איהם בעמערקט: „דו לעבסט נאך, זשיד?" האט ער אויף איהם א געשריי געטאן און האט אויף איהם א ווארף געטאן א שטיין, פון וועלכען עס זענען איהם אלע צייהנער פון מויל ארויס־געפאלען און איז געבליבען ליגען ווי טויט. דער מערדער האט געמיינט, אז ער איז שוין מיט איהם אין גאנצען פארטיג און איז אוועק ווייטער. דערנאך האט מען דעם שווער פארוואונדעטען גע־בראכט אין שפיטאל.

די פרוי פון בן־ציון גאלאנטער, וועלכער איז געהרג'עט געווארען אין פאגראם, דערצעהלט, אז זי מיט איהרע 6 קינדער זענען געוועזען אין א קעלער. אז די מערדער זענען צוגעקומען צו איהר מאן, האט זי געהערט ווי דער מאן האט זיך ביי זיי געבעטען רחמים: איך האב ביי מיר 400 רובל, האט ער זיי געזאגט, נאט אייך דאס אוועק און לאזט מיר לעבען, איך בין א טאטע פון 6 קינדער. די מערדער האבען איהם געענטפערט מיט א מורא'דיג געלעכטער: דיך וועלען מיר דערהרג'ענען און דיין געלד וועלען מיר זיך צעטיילען און האבען איהם געשלאגען מיט א האק אין קאפ און דערנאך האבען זיי איהם נאך פארווארפען מיט שטיינער און געשריגען: אט אזא סוף זאלען האבען אלע אונזערע שונאים! — בשעת זיי האבען גע־ריסען די ספרי תורות האבען זיי געשריגען: עס איז געקומען א סוף אויף די יודען און אויף זייער תורה.

א באנדע רויבער זענען צוגעקומען צו א פרוי, וועלכע האט געהאט א מילך־פאכט און האבען פון איהר פארלאנגט, זי זאל זיי געבען געלד, די פרוי האט זיי געשווארען מיט אלע שבועות, אז זי האט ניט מעהר ווי 11 קיה, וואס פון דעם ציהט זי איהר חיונה, זי האט קיין גראשען געלד נישט. דאס האט אבער זיי נישט בערוהיגט, זיי האבען איהר געהייסען עפענען די שטאל און ארויסלאזען די קיה און פאר איהרע אויגען האבען זיי אלע 11 קיה צום טויט געהרג'עט און דערנאך איהר אליין דערהרג'עט.

— די „נאוואיע ווערמיע" שרייבט: אין איינינע שטעדט פון קישינובער און ארגיעווער אויעזד זעהען זיך סימנים פון פאגראמען: אין טשעפליאני, מערעני און באַרשצו (דארטען זענען 2 יודען געהרג'עט געווארען). אין גרישאוו, באדולאוואדא און אין ארגיעיעוו, וואו מען האט ארויסגעשיקט סאלדאטען.

אומעטום האט מען אנגעווענדעט מיטלען איינצושטילען די פאגראמען. קיין ארגיעיעוו איז געפאהרען דער וויצע־גובערנאטאר אוסטרוגאוו, צו בערוהיגען דעם דערשראקענעם עולם.

— קיין אדעסא זענען אנטלאפען פיעל פאגראמשטשיקעס. די אדעסער פאליציי האט שוין געחאפט 200 און האט זיי ארעסטירט.

— די אדעסער יודען האבען אויף זיך גענומען צו טרויערן דריי חדשים אויף דעם אומגליק פון קישינובער יודען. זיי האבען בעשלאסען, אז אין די דריי חדשים זאל מען נישט געהן אין קיין טעאטער.

— די אבטיילונג פון דער חברה „כל ישראל חברים" אין וויען האט זיך געווענדעט דורך די „נייע פרייע פרעסע" מיט א קול־קורא, מען זאל העלפען די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

— שרעקליך איז אנצוקוקען דאס בילד אויף דעם יודישען בית הקברות. אט ליגען פאר מיינע אויגען דריי גע'הרג'עטע פרויען, ביי איינע איז דער בויך פונאנדערגעשניטען ווי א צלם, ביי דער צווייטע זענען אין די נאזלעכער אריינגעשלאגען לאנגע טשוועקעס, וועלכע געהען דורך דעם קאפ דורך, און ביי דער דריטער זענען אבגעשניטען די בריסטען. אט ליגט א דער'הרג'עטער גימנאזיסט פון 7 קלאס מיט איין אויסגעשניטענעם צונג און דערביי א קליין קינד דערשטיקט אויף טויט. (פעט. ווער.)

— דאס רוב האבען געליטען די יודען, וועלכע זענען אין דעם אומגליקליכען טאג געפאהרען אין די וואגאנען פון טראמוואי. אז דער המון האט פון דערווייטענס דערזעהען די יודען, וואס זיצען אין

איך אהין צו זיי און וואלט רעדען מיט זיי — סוף סוף זענען עס דאך מענשען און האבען א געהירן אין קאפ — און וואלט זיי זאגען און וואלט זיי אויסווייזען, אז איך, זלמן דער מלמד, וויג בכלל וכלל נישט אוים ביי זיי דאס בלוט. מישטיינס געזאגט, זלמן, די יניקה אין גאנצען, וועלכע דו האסט!

איך שטרעק אוים די האנט און נעם מיר מיין טלית און תפלין. א טלית קאן קיינמאל נישט שאדען, אז א יוד זאל איהם האבען אלע מאל גרייט; ווער ווייסט וואס קאן זיין מארגען און אויב ער וועט איהם נישט ברויכען צום לעצטען מאל און אויף אייביג.

איך געה צו צו מיין ווייב און צום קינד אין וויגעל און הייס זיי זאגען „ודוי". מיין הייסען איז אבער געווען אין גאנצען איבעריג. מיין ווייב א פנים האט נישט געווארט ביז איך וועל איהר הייסען זאגען „ודוי", און האט אליין שוין געזאגט די גאנצע נאכט און איז נאך יעצט נישט פארטיג געווען! און דאס קינד — איך האב פארגעסען געהאט, אז עס קאן נאך גאר נישט רעדען.

און איך נעם אלע טייערע זאכען, וועלכע מיר פארמאגען, און געה זיי בעהאלטען אין דעם קעלער ביי אונז. אז די נישט־גוטע וועלען קומען, מיט אונז זייערע שטוקעס צו טרייבען, טא ווענינסטענס זאלען זיי נישט טרייבען זייערע שטוקעס מיט דעם, וואס איז אונז טייער און הייליג. איך נעם דאס קינד און דעם טלית־זאק און די חומשים און דעם „אור זרוע", וועלכען איך האב פון זיידען עליו־השלום, און דעם הדס פון דער הבדלה, וועלכען איך האב ירושה פון שווער עליו השלום, און דעם איינציגען זילבערנעם לעפעל. וועלכען איך האב דרשה־געשאנק פון דעם פעטער, דעם גביר, זאל לעבען, און מיין ווייב רוף איך מיר, און זיי אלע וויל איך בעהאלטען אונ־טען אין קעלער. ווענינסטענס זאל קיין סכנה נישט זיין מיט נפשות.

דאן קוק איך מיך אום. די ערשטע שטראהלען פון דעם פרישען טאג בעווייזען זיך אין פענסטער. דז"ס טישעל און די באנק און די בעטען און די איבעריגע זאכען שטעהען שטיל יעדעס אויף זיין פלאץ, און ווייסען נאר נישט וואס וועט געשעהען מיט זיי א שעה, צוויי, דריי שעה שפעטער.

פלוצלינג, ווי איך קוק אזוי אויף זיי, געהט מיר א וואונדער־ליכער געדאנק דורך דעם קאפ. נאר גאט אליין האט מיר דעם דאזיגען געדאנקען איינגעגעבען!

און איך שטרעק אוים מיין האנט צו די שויבען פון מיין פענסטער אונ צעברעך זיי אין שטיקער און די קישענס און די דעקען נעם איך פון די בעטען און צערייס זיי און ווארף ארוים די פעדערן אין נאס אריין, און דעם טיש נעם איך און די שטוהלען און די באנק און צעהאק זיי אוי ווארף ארוים די שטיקער אין נאס אריין, און די עטליכע טעלער נעם איך און די טעפ און צעברעך זיי און ווארף

די וואגאנעס, האט ער צוגעשריגען צו די קריסטליכע פאסאזשירען: „ווארפט אונז צו די זשידעס״! אונ די יודען האט מען ארויסגעווארפען פון די וואגאנעס פשוט דער המון זאל זיי דערהרג׳ענען. ביי איינעם א דערהרג׳עטען יודען, וועלכען מען האט געפונען אויף דעם ווינקעל פון סוועטשני אונ גאסטעני גאסען איז געווען אויס געלונקען די הענט אונ די פיס, ביי נאך א יודען חאריטאן זענען געווען אבגעשניטען די ליפען, דערנאך האט מען איהם ארויסגעריסען מיט א צוואנג דעם צונג צוזאמען מיט דעם גארגעל. זעלצערען, וועלכען מען האט צוגענומען פון נאווי באזאר האט מען אבגעשניטען די אויערן אונ מען האט איהם געמאכט 12 ראנעס אין קאפ; דער אומגליקליכער איז אראב פון זינען אונ איז היינט אין שפיטאל. אויף דעם ווינקעל פון סוועטשני אונ גאסטעני גאסען האט מען א מעוברת׳ע יודענע אוועקגעזעצט אויף א שטול אונ מען האט איהר א הילצערנעם שטאנג געהאקט אין בויך. אויף דער קיראווסקי גאס האט מען געווארפען פון צווייטען שטאק קליינע קינדער אויף דעם שטיינערנעם בריק. א חוץ דעם האט מען געשענדעט קליינע נישט דערוואקסענע מיידלעך, וועלכע זענען געשטארבען אונטער די הענט פון זייערע פייניגער. אויך האט מען געפונען א מיידל איבערגעריסען אויף צווייען.

די צאהל פון די גע׳הרג׳עטע בשעת דעם פאגראם צוזאמען מיט די וואס זענען דערנאך געשטארבען פון די שווערע וואונדען דערגרייכט ביז 47. אין שפיטאל געפינען זיך נאך ביז 100 שווער פארוואונדעטע, פון וועלכע 30 וועלען בלייבען, לויט די מיינונג פון דאקטוירים אייביגע קאליקעס.

— פון די פאגראמשטשיקעס האט מען בעפרייט 150, ווייל מען האט אויף זיי נישט געפונען קיין בעוויז, אז זיי האבען גענומען איין אנטייל אין דעם פאגראם.

— די ידיעה פון קישינובער פאגראם האט זיך באלד פונאנדער געטראגען אין אלע שטעדטלעך אונ דערפער פון קישינובער גוב׳ אונ פון אלע זייטען זענען אנגעקומען טעלעגראמען צום גובערנאטאר, ער זאל ארויסשיקען מיליטער צו פארהיטען עס זאל קיין פאגראם נישט ווערען. קיין מיליטער האט דער גובערנאטאר נישט געשיקט, ווייל די שטאדט קישינוב איז נאך נישט בערוהיגט געווען, נאר ער האט געהייסען די „זעמסקי נאטשאלניקעס״, זיי זאלען מיט אלע מעגליכקייט איינהיטען, עס זאל צו קיין פאגראמעס נישט קומען. די נאטשאלניקעס האבען צוזאמענגערופען די פארמעגליכערע קריסטליכע בעלי־בתים אונ זיי מתרה געוועזען, אז ווען עס וועט עפיס זיך וואס טרעפען, וועלען זיי מוזען ליידען דעם גאנצען שאדען אונ א דאנק דעם איז טאקי קיין פאגראמעס נישט געוועגען אונ די יודען זענען נאר אבגעקומען מיט שרעק, א חוץ אין דעם דארף באצאי (10 וויערסט פון קישינוב), אין וועלכע מען האט איינינע יודישע פאמיליען אויסראבירט אין גאנצען אונ איינע א יודישע פרוי איז גע׳הרג׳עט געווארען. די דאזיגע פרוי האט געוואהנט אין קישינוב, וואו מען האט איהר הויז חרוב געמאכט אונ איהר גאנץ פארמעגען אויסראבירט אונ זי האט זיך קוים דאס לעבען געראטעוועט אונ אין אנטלאפען אין דארף באצאי צו איהרע קרובים אונ דא האט מען איהר דערהרג׳עט. אין אייגענעם דארף האט מען ארעסטירט 40 פאגראמשטשיקעס אונ מען האט זיי אוועקגעשיקט נאך קישינוב.

בשעת פאגראם האט מען אין קישינוב זעהר וועניג ארעסטירט. ערשט אז דער פראקוראר פון אדעסא איז געקומען האט זיך אנגעהויבען שטרענגע סליעדסטוועס אונ ארעסטען. מען זאגט אז דען 10־טען אונ 11־טען אפריל האט מען געהייצט ביי די קריסטליכע איינוואהנער די אויוועגס אונ מען האט געברענט אין זיי די יודישע זאכען, וועלכע זיי האבען צוזאמענגעראבירט אונ דערנאך מורא געהאט מען זאל עס ביי זיי נישט געפינען אונ מחמת דעם זיי ארעסטירען. אנדערע האבען ביי דער נאכט, וועלכע איז גראד זעהר פינסטער געווען, אבגעווארפען אויף דער גאס די יודישע צוזאמענגעראבירטע

---

ארוים די שארבענעס אין גאס אריין. בקיצור, איך האב אליין זיך געמאכט דעם „פאגראם״ ביי מיר אין מיין שטוב.

אונ ווען די חברה וועט שפעטער פארביי פאר דעם הויז אונ וועט זעהען די פעדערן אויפ׳ן גאס אונ די צעבראכענע שטיקער אונ די שארבענעס, וועט זי מיינען, אז דער עולם איז ביי מיר שוין איינמאל געווען, אונ וועט נישט מעהר אריין אין הויז אינעווייניג צו מיר. א גוי מעג מען אבנארען!

נאר אזוי האב איך מיר געראטעוועט מיין נפש אונ דאס נפש פון ווייב אונ קינד אונ די חומשים אונ די תפלין.

איך וויים: איהר, יונגע לייט, וועלכע איהר האט דאס אלעס נישט מיט אייערע אויגען געזעהען, איהר וועט עס נישט גלויבען. אבער איך, וועלכער איך האב עס געזעהען, מיר פארשווינדען יענע סצענעס נישט פאר די אויגען ביז צום היינטיגען טאג. ווען איך זיץ אליין איין מינוט לאנג פאר נאכט אין דער טונקעל־שעה אונ האלט פארמאכט מיינע אויגען אונ לייג ארויף אויף זיי מיין האנט, זעה איך אלעס, אלעס נאך יעצט....

דוד פרישמאנן.



# מאשקעלי גנב.

א ראמאן

פון שלום־עליכם.

(פארטזעצונג).

## קאפיטעל ד.

### ער טראגט א שנאה אויף די מאזעפעווקער יודען אונ איז גערעכט.

פון דעמאלט אן האבען די מאזעפעווקער יודען נעקאנט שלאפען רוהיג. מאשקע, אדער ווי זיי האבען איהם גערופען מאשקעלי גנב, איז געווען זייער באשיצער. ער איז טאקי געווען נישט מעהר ווי א גנב, א „לא יבא בקהל״, וואס קיינער וועט זיך מיט איהם ניט משדך זיין; נאר אז מע האט בעדארפט צו איהם אנקומען פלעג מען איהם חנפה׳נען, קריכען אונטער די נעגעל, מאכען הונדערט קאמפלימענטען. דערויף איז דאך פארהאן א יודיש ווערטל: „אז מע דארף האבען דעם גנב נעמט מען איהם אראפ פון דער תליה״.

מאשקע האט דאס אלסדינג געוואוסט אונ האט זיך אויסגעלאכט אויף זייער באבע. אלע מאזעפעווקער יודען מיט׳ן נגיד אינאיינעם האבען

זאכען. צווישען די ארעסטירטע געפינען זיך פיעל פרויען, וואס האבען אדער געשלאגען אדער געהאלפען אויסראבירען די יודישע הייזער, אויך מעהרערע אינטעליגענטע קריסטען און אפילו אזוינע וואס געבען זיך אב מיט שטאדט-זאכען און אויך שילער פון גימנאזיומס. (נאוואסטי)

דער „טיימס" (דאס גרעסטע בלאט אין דער וועלט, וועלכעס דרוקט זיך אין לאנדאן) האט ארויסגעשיקט א קארעספאנדענט אין קישינוב.

אין „בעסאראבעץ" איז אבגעדרוקט אזא מודעה:

פון דעם בעסאראבער גובערנאטאר.

נאך די גאסען-אונרוהען, וועלכע זענען פארגעקומען אין קישינוב, אונרוהען וואס נישט נאר זיי זענען געגען די געזעצע פון לאנד נאר אויך געגען דעם קריסטליכען גלויבען, האט זיך ארויסגעוויזען א סך אומגליקען, וועלכע די איינוואוינער פון אונזער שטאדט האבען געליטען. פיעל זענען געבליבען אהן שוץ און אהן ברויט און עס איז דעריבער נייטיג באלדיגע הילף פאר אלע וואס האבען געליטען פון מענשען פון אלע סארטען גלויבענס. לויט מיין וואונש האט זיך טאקי באלד געגרינדעט א הילפס-קאמיטעט דורך דעם פרויען-פעראיין „דער רויטער קרייץ" — וועלכע האבען געעפענט איין אומזוסטע קיך. מען טיילט קאלטע שפייזען, מען האט געגרינדעט א פריוט אויף דערוויילע וכדומה. דעם גאלאווא פון שטאדט, וועלכער האט אונז צו וויסען געגעבען, אז ער וויל העלפען די קישינובער פאראומגליקטע, האט מען מיטגע-געהאלפען. אויך די פארשטעהער פון דער קישינובער יודישער געמיינדע האבען געהאלפען מיט אלץ וואס עס איז נאר מעגליך זייערע פאראומגליקטע ברידער. מען האט אויך נישט פארגעסען די דאזיגע פאמיליען, וואס מחמת זייער אונוויסענהייט און דורך די ווירקונג פון דעם יום-טוב'דיגען פרייליכקייט און די שלעכטע נארישע גערעד, וועלכע עס האט זיך אין שטאדט פארשפרייט אים פאסחא, האבען זיי צערשטערט די מענשליכע געזעצע און האבען בעגאנגען א זעלכע שווערע זי.., פון וועלכע יעדען ארענטליכען מענשען שטעלען זיך די האר קאפויר.

די פאמיליעס פון די ארעסטירטע, וועלכע האבען נישט ווער עס זאל זיי מפרנס זיין, ביי א טייל זענען געבליבען נאר קינדער אליין, האט מען געגעבען הילף פון דעם גובערנסקען קאמיטעט פאר טאר-מעס לויט וויפיעל זיי ברויכען.

איצט, ווען אלץ איז שוין רוהיג, איצט אז מען האט שוין אנ-געווענדט אלע שטרענגסטע מיטעל צו פארהיטען, אז ווייטער זאל אלץ זיין אין ארדנונג, איצט איז צייט אז יעדער זאל זיך נעמען צו זיין געוועהנליכער ארבייט ווער צו לאנד-ארבייט, ווער צו מסחר.

צו מיין בעדויערען אבער בעקומען די הילפס-קאמיטעטען און די בעאמטע התראה-בריף אהן אונטערשריפטען, אין וועלכע מען בע-קלאגט זיך, פאר וואס מען העלפט די פאראומגליקטע יודען, און פאר-קעהרט, בריף אין וועלכע מען איז חושד די נאטשאלסטווא, אז זי איז צופרידען געוועזען פון די אונרוהען.

איך האלט פאר נייטיג בעקאנט צו מאכען, אז די אלע בריף און פאסקעווילען וועלען נישט איבערמאכען די מיטעל, וועלכע די פאליציי איז גרייט צו העלפען די וואס ווילען שטיצען די אומגליק-ליכע, פון וועלכען גלויבען זיי זענען. איך פון מיין זייט בעט אלע איינוואהנער פון קישינוב און דער גובערניע, זיי זאלען העלפען די פאראומגליקטע יעדער לויט ווי ער קאן.

און די פארנארטע ביך איך מתרה, אז יעדער פריוו צו מאכען ווידער אונרוהען וועל איך באלד אונטערדריקען. איך וועל מיך בענוצען מיט די שטרענגסטע מיטעל, וואס איך האב דאס רעכט. די שולדי-גע וועל איך שטרענג בעשטראפען.

גובערנאטאר פאן ראאבען.

---

ביי איהם געהאט א ווערט. ווי ער אליין האט געזאגט, פון איין אויס-געבוינענעם צוואק אין איין אלטער פידקאווע".

פון דעסטוועגען האט ער געטראגען אויף זיי א סך פאר-דרוס.

ערשטענס פאר'ן נאמען אליין; ער האט געוואוסט, אז מע רופט איהם אונטער די אויגען „מאשקעלי גנב". וואס איז ער זיי פאר א גנב? ביי וואסער מאזעפעווקער יודען האט ער חלילה עפיס אוועקגעגנב'עט? און וואס איז עפיס פארצוינגען? פאר וואס קומט איהם א נאמען מאשקעלי גנב, און משה נפתלי דעם מלוה'ס, וואס ער איז געווים א גנב און א צינדער און וואס אין דער קארט, הייסט ביי זיי משה'לי און טאקי נאר רב משה'לי? באשר משה נפתלי'ס האט געלד און ער ניט!...

היינט האט איהם פארדראסען, למאי, אז ער קומט אמאל אין א יום טוב אין בית המדרש אריין, האט ער ניט קיין ארט און בע-דארף שטעהן ערגיץ אינטערן באלעמער.

היינט האט איהם פארדראסען, למאי אז סע קומט שמחת תורה צו הקפות, איז אדער מע איז איהם מכבד צו דער לעצטער הקפה און מע רוקט איהם אריין א תורה'לע מיט א צעריסען העמדל אדער מע גיט איהם גאר קיין הקפה ניט.

היינט האט איהם פארדראסען, למאי האט ער נאך קיין מאל ניט זוכה געווען, עמיצער זאל איהם שיקען רופען אויף א שמחה, אויף א ברית, אדער אויף א חתונה, האטש קריגען האט ער זיך מיט קיינעם ניט געקריגט, חלילה ביי קיינעם נישט צוגענומען, קיינעם נישט בא-ליידיגט, ניט בארעדט, געלעבט גוט מיט איטליכען באזונדער. טאמער א טובה טהון א יודען, געהן פון עמיצענס וועגען אין מיטען ביי נאכט, איז מיט'ן גרעסטען כבוד. און פון העלפען איין ארעמאן מיט א קערבל — דאס שמועסט מען ניט, ווארום א קערבל האט ביי מאשקען בכלל קיין שום ווערט ניט. „קערבלעך פלעג ער זאגען, אין פארהאן ביי גאט אסך און געלד איז קיילעכיג: היינט איז דאס ביי יענעם — מארגען ביי מיר..."

נאר מעהר פון אלץ האט איהם פארדראסען, פאר וואס קיינער וויל זיך מיט איהם ניט משדך זיין, קיינער וויל איהם ניט נעמען, קיין מיידל וויל פאר איהם נישט חתונה האבען, דאס לעצטע דינסט מיידל וויל נישט געהן פאר איהם; זי וועט, זאגט זי, בעסער נעמען א שניידער אדער א שוסטער, אבי נישט האבען מאשקעלי גנב פאר א מאן.

אט אזעלכע ריינע דבורים האט ער אליין מיט זיינע אויהרען געהערט פון א מיידל, לאה האט זי געהייסען, און דוקא איין ארעם מיידל, א נאקעטע, א בארוויסע, און מע קאן ניט זאגען, אז ס'איז איהם געווען שט.ירק איינגענעהם אויסצוהערען אזעלכע ווערטער, און פון דעסטוועגען האט מאשקעלי גנב פארט חתונה געהאט, און דוקא גע-

אין „המליץ” איז אבגעדרוקט א קול קורא מיט דעם נאמען „זכור רחמיך עמי”:

„אונזערע ברידער אין קישינוב ליידען פאר אונזערע אלעמענס זינד, זיי האבען בעקומען זייער אומדערבארעמדיגען שטראף פאר די זינד, וואס זיי האבען געזינדיגט און וואס מיר אלע זינדיגען עס נאך עד היום; אונזער זינד איז וואס מיר זענען יודען, וואס נישט קוקענדיג אויף אלע צרות, וואס מיר האבען שוין איבערגעליטען, האלטען מיר זיך נאך און ווילען נישט אונטערגעהן. און פאר די דאזיגע זינד האט מען אונזערע ברידער אין קישינוב גע'הרג'עט און מיר, וואס פערדינען אויך דעם אייגענעם שטראף און זענען געבליבען לעבען, דארפען מיר זארגען פאר די יתומים פון די הרוגים, פאר די קליינע עופ'לעך, וועלכע זענען ביי אונז טייערער פאר אלץ אין דער וועלט, ווייל זיי זענען ביי אונז א הייליגער אנדענקען, זיי זענען די קינדער פון די הייליגע קרבנות, וואס זענען אומגעקומען אויף קדוש־השם, דאס זענען אונזערע קינדער, דאס זענען יתומים פון דעם גאנצען יודישען פאלק.

איצט דערוועקט אייער רחמנות, איהר אייניקלעך פון אברהם, יצחק ויעקב, שטעהט אויף איהר יודישע פרויען, איהר נשים צדקניות בעווייזט אייער רחמנות איבער די אומגליקליכע יתומים, עלענדע פארבלאנדזשעטע שעפעלעך. נעמט אריין צו אייך אין הויז די הייליגע שטיינער, וועלכע וואלגערען זיך אין די גאסען, מאכט זיי פאר אייערע זיהן, פאר אייערע טעכטער און זייט טאטעס מ'ט מאמעס. מיט געלד קאנט איהר אהונגעריגען זאט מאכען, א נאקעטען אנקליידען; אבער זיי פעהלט טאטעס מיט מאמעס דאס קאנט איהר זיי מיט מיליאנען נדבות נישט צוריקגעבען. דעריבער יודען, רחמנים בני רחמנים, נישט אייער געלד קאן העלפען אין גאנצען די יתומים, שענקט זיי אייער הארץ, רעדט מיט זיי זיסע ווייכע רייד. יעדער יוד סאי אין רוסלאנד סאי אין אויסלאנד, וואס גאט האט איהם געהאלפען מיט בכבוד'יגע פרנסה און געבענשט מיט א געזינדעל און איהם איז נישט צו שווער צוצונעמען נאך א נפש ביי זיך אין שטוב, יעדעס פאר־פאלק, וואס גאט האט זיי מיט קיין קינדער נישט געבענשט, יעדער רייכער מאנספיל, וואס איז געבליבען נישט חתונה געהאט אדער יעדע רייכע פרוי, וואס האט זיך בעשלאסען נישט חתונה צו האבען, אבער די ליבע צו קינדער איז אין זייער הארץ נישט פארלאשען געווארען, זאל צונעמען איינעם פון די קישינובער עלענדע יתומים. ברידער און שוועסטער, בייגט צו אייער אויער און הערט דעם קול פון אייערע ברידער'ס בלוט, וואס שרייען צו אייך פון דער ערד דעם ביטערען שרעקליכען געשריי:

עשה למען עולליני וטפינו!

טהו וועגען אונזערע קליינע קינדער!

עשה למען הרוגים על שם קדשך!

טהו וועגען די הרוגים אויף דיין הייליגען נאמען.

---

## ידיעות פון קישינוב.

מעהרערע זענען פאר גרוים שרעק אראב פון זינען. מען דער־צעהלט פון אזא פאקט: די ראבירער זענען בעפאלען א לעהרער משה אושעמערסקי, האבען אויסראבירט זיין גאנץ פארמעגען און דערנאך איהם אליין שווער פארוואונדעט, דער זוהן פון אושעמערסקי דערזעהענדיג ווי זיין פאטערס בלוט גיסט זיך, איז געווארען אזוי צעטומעלט, אז ער האט פארלארען די געדאנקען און איז ארומגעלאפען אין שטאדט זוכענדיג א טעלעפאן, אויף וועלכען ער האט געוואלט מודיע זיין פון זיין פאטערס אומגליק דעם קייזער ווילהעלם.

נאכדעם ווי מען האט אויסראבירט א יודישען אייזען־מאגאזין האבען זיך איינינע יודען, וואס איז זיי געראטען זיך ארויסצורייסען פון די ראזבאיניקעס, געווענדעט צו די פאליציי, וואס איז דארטען

---

נומען א שען מיידל, דאס שענסטע פון אלע מאזעפעווקער מיידלעך, און א בעל־הבתיש קינד דערצו און נאך וואס פאר א בעל־הבתיש קינד! — „דעם ערנסטען הונט קומט אן דאס בעסטע שטיקל” — אזוי האט מען געזאגט דערויף אין מאזעפעווקע, און מע איז געווען גערעכט.

---

קאפיטעל ה.

### חיים חסיד'ס טעכטער'ל טהוט אפ א שענע זאך און מאזעפעווקע געהט חאוראם.

צו חיים חסיד אין ווינקעלער קומען טרינקען וויין די גרעסטע ארונים פון שטאדט, טשינאווניקעס, נלחים, און גלאט אזוי בעלי־הבתים. מחמת ערשטענס איז ביי חיים חסיד אין קעלער דאס בעסטע גלעזל וויין, והשנית איז דארטען זעהר אנגענעהמען צו זיצען: חיים חסיד, פארשטעהט איהר מיך, איז אליין נישט אזא צאצקע א פארשוין, דער־פאר האט ער אבער א ווייב, איז זי שען ווי די וועלט, און טעכטער — איינע שענער פון דער אנדערער. די „חיימאווא” (אזוי רופען זי די ארונים) מיט איהרע טעכטער האבען א שם אין שטאדט, און איהר ווייסט וואס איך וועל אייך זאגען? — ס'איז טאקי געשמאק א פריש גלעזל וויין נאר וואס פונ'ם צאפען, אז א שען ווייבל טראגט אייך אונ־טער און שענע מיידלעך דרעהען זיך דערביי ארום. דוכט זיך נאר נים, דער וויין וועט דערפון ויסער נים ווערען, נאר פארט אנגע־נעהמער.

חיים חסיד האט דאס געוואוסט גאנץ גוט, די ארונים אליין האבען איהם וויפיל מאל געזאגט, געגעבען אנצוהערעניש, אז ס'איז ביי איהם א „לאדנא קוביטא” (א שען ווייב) און „קאחאני צאורקי” (ליבע טעכטער); ער האט זיך אבער נאר נים געמאכט דערפון, ער האט געקענט גאנץ גוט זיין ווייב מיט זיינע טעכטער און האט געקאנט שלאפען רוהיג, זיין זיכער.

מע דארף נים מעהר ווי מאזעפעווקע איז א שטאדט, וואס האט ליב רעדען; אין מאזעפעווקע אריינפאלען אין יודישע מיילער, זאל אייך גאט שומר ומציל זיין! פון דעסטוועגען האט אויף חיים חסיד'ם ווייב מיט זיינע טעכטער קיינער קיין העזה נים געהאט איבערקעהרען די צונג אפילו. דער וואס האט שוין יא געוואלט עפים רעדען, האט ער נאר געזאגט, אז „א שען ווייב און שענע טעכטער איז א סגולה צו פרנסה” — און מעהר נישט א ווארט.

נאך אזא מין הקדמה קאן מען זיך שוין פארשטעלען, וואס ס'האט זיך אפגעטהאן אין שטאדט, אז חיים חסיד'ס טאכטער, צירעלע די שענע, סאמע די קלענערע און די שענערע און די געראטענערע און די שטילערע פון אלע, איז איין מאל, פסח נאכ'ן ערשטען סדר איז דאס געוועזען, אנטלאפען, און מיט וועמען אנטלאפען? מיט איינעם פון די ארונים, מיט א טשינאווניק פון אקציז, מיט מאקסים טשובינסקי!

געשטאנען, זי זאל זיי העלפען, די פאליציי אבער איז זיך געשטאנען אויף איהר ארט אונ רוהיג צוגעקוקט ווי מען ראבירט די יודען.

(פיעט וויער)

מעהרערע קריסטליכע אינטעליגענטען האבען צוגענומען אין זייערע הייזער גאנצע יודישע פאמיליעס אונ האבען זיי בעשיצט פון די ראזבאיניקעס.

בשעת דעם פאגראם האבען איינינע יודען, דערזעהענדיג, אז די פאליציי טוט גאר נישט, געלאפען טעלעגראפירען, אבער מען האט אין קיין ארט זייערע דעפעשען נישט אנגענומען אונ דעריבער האט דער ד״ר מוטשניק געמוזט צו פאהרען צו דער סט. מירעני אונ פון דארטען טעלעגראפירט קיין פעטערסבורג.

צווישען די פארוואונדעטע געפינט זיך א יודישער סטאליאר, וועלכען די מערדער האבען מיט זיין אייגענע זעג אראבגעזעגט א האנד. איין אנדערען יודען האט מען פונאנדערגעריסען דעם בויך, ארויסגענומען פון דארט די קישקעס אונ אנגעשטופט דעם בויך מיט פעדערען.

איינער א יוד דוד ווייסמאן איז געוועזען געבארען בלינד אויף איין אויג אונ בשעת דעם פאגראם האט מען איהם אויך דאס אנדערע אויג אויסגעהאקט, ער האט זיך געבעטען ביי די רוצחים, זיי זאלען איהם אין גאנצען אוועקהרג׳ענען, נאר גראד אויף איהם האבען זיי רחמנות געהאט אונ איהם געלאזט לעבען. איצט ליגט ער אין שפיטאל אונ ראנגעלט זיך מיט דעם טויט.

דען 17־טען אפריל האט מען ארויסגעלאזט א פאלשען קלאנג אין שטאדט, אז די יודען האבען צעריסען אונ פאראומהייליגט אין א קריסטליכע שולע די הייליגע בילדער, וואס העגגען דארטען אויף דער וואנט.

אין איינינע ערטער אין קישינוב, וואו די יודען האבען זיך געשטעלט אנטקעגען האט מען נישט ראבירט. אין די דאזיגע ערטער איז גראד נייט געוועזען קיין פאליציי אונ קיין מיליטער. די יודען וועלכע וואהנען ביים „אלטען בריק“, זענען ארויס מיט שטעקער האלץ אונ שטיינער אונ דערמיט האבען זיי געפרוווט צו פאריאגען די באסיאקעס אונ עס איז זיי געראטען.

דער קישינובער ראבינער ה׳ עטינגער דערציילט: קיינער ביי אונז האט נישט געגלויבט, אז עס וועט זיין באמת א פאגראם. אז איך האב פארגעלעגט איינינע נכבדים פון דיר שטאדט, אז מיר זאלען שיקען א דעפוטאציע צום גובערנאטאר האבען זיי געזאגט, אז עס איז גענוג, איך אליין זאל געהן אונ זאל בעטען מען זאל אבלייקענען אלע ליגענס וואס מען דערציילט זיך אן וועגען דובאסאר אונ האב עס מיט גרויס שוועריגקייטען געפועל׳ט. איך האב מיט איהם גערעדט וועגען די אונרוהען, וואס עס הערט זיך, אז עס וועט זיין אין שטאדט, נאר ביידע האבען מיר נישט געגלויבט, אז עס וועט עפיס זיין איין ערנסטע זאך דערפון. ער האט מיר צוגעזאגט, אז עס וועלען זיין מיליטער אין אלע גאסען. דאס אייגענע האט צוגעזאגט דער פאליציי־מייסטער אונ מיר האבען זיך נישט מעהר געשראקען. איך האב לויט דעם וואונש פון דער פאליציי, געלאזט אויסרופען אין אלע בתי־מדרשים, אז אין די דריי טעג „פאסחא“ זאלען זיך די יודען נישט צוזאמענקומען עטליכע צוזאמען אין די גאסען אונ אז די יודישע וויינשענקען זאלען זיין געשלאסען.

— קירצליך וועט פון קישינוב פאהרען א יודישע דעפוטאציע נאך פעטערסבורג. מען האפט, אז די יודישע אויסגעקליבענע בעלי־הבתים פון אנדערע שטעדט וועלען אויך מיט זיין אין דער דאזיגער רעפוטאציע.

— דער קישינובער גובערנאטאר פאן־ראאבען איז געפאהרען קיין פעטערסבורג.

— דער ראבינער ה׳ עטינגער האט בעקומען איין ערלויבניש פון דעם גובערנאטאר צו פאהרען אויף דער פראווינץ אונ בעטען הילפען פאר די יודען פון קישינוב.

— דער „אדעסקי נאוואסטי“ שרייבט: לויט ווי די צייטונגען מעלדען האט גראף ל. נ. טאלסטאי געשאנקען פאר די קישינובער פאראומגליקטע יודען 15,000 רובל.

די יורשים פון דער רוסישער האנדעלס פירמא וו. ט. פטאשניקאוו אין אדעסא האבען געשאנקען פאר די פאראונגליקטע יודען אין קישינוב 500 רובל.

— דער פערסאנאל פון דער פירמא או. לאנדעסמאן אין אדעסא האבען זיך בעשלאסען אראב צונעהמען א געוויסען פראצענט פון זייער געהאלט פאר די קישינובער יודען.

— דער מיראוואי סודיא ה׳ בערעזאווסקי אין אדעסא, ווען עס קומט ביי איהם פאר א משפט צווישען 2 יודען, לעגט ער זיי פאר, זיי זאל דורכקומען אזוי אונ זאלען שענקען א געוויסען סכום פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

— דער חסידישער רבי שניאורסאהן אין באברויסק האט געלאזט אויפקלעבען קול קורא׳ס אין אלע באברויסקער שוהלען אונ בתי־מדרשים מען זאל שיקען הילף צום קישינובער קאמיטעט.

— „כל ישראל חברים“ אין פאריז האט געשיקט 10,000 פראנק פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

---

אונ וואוהין אנטלאפען? אין מאנאסטיר אריין! איהר הערט? אין מאנאסטיר אריין!

וואו נעמט מען די פען, וואס זאל באשרייבען אלסדינג וואס האט זיך אפגעטהאן יענעם פסח אין מאזעפעווקע? וואו נעמט מען די פארבען, מע זאל אויסמאלען דאס בילד, ווי חיים חסיד ליגט מיט׳ן פנים צו דער ערד אונ די גאנצע שטוב מיט אלע קינדער מיט די דינסטען אפילו ליגען מיט די פנים׳ער אין די קישענס אונ וויינען אסך מעהר ווי די פרומסטע יודען וויינען היינטיגע צייטען תשעה באב אויף חורבן בית המקדש. געקומען נאכ׳ן עסען האט זיך די גאנצע שטאדט געווינט; קינד אין קייט זענען געוועזען אין דרויסען, די מאנאסטירסקי גאס איז געוועזען פארפלייצט מיט יודען, ווייבער, בחורים אונ מיידלעך. די מעשיות וואס זענען דערצעהלט געוואר־ען דארטען מיט די פאטשטעס, וואס זענען געפלויגען יענעם טאג אונ אויפ׳ן אנדערען טאג אונ אויפ׳ן דריטען טאג אונ אלע טעג פסח. איז גאר נים איבער צודערצעהלען.

(פארטזעצונג קומט).



— דער הילפס־פעראיין פון די דייטשע יודען האט בעשלאסען צו שטיצען די פאראומגליקטע אין קישינוב און האט צוליב דעם געשיקט א בריף צו די קישינובער יודישע פארשטעהער.

— דער מורשה פון דעם יעליסאוועטגראדער ציוניסטישען ראיאן האט צעשיקט א קול קורא צו אלע זיינע ציוניסטישע אגודות, מען זאל העלפען די קישינובער יודען.

— ביי דער אספה פון „עזרת יתומים” אין ווארשא, וואס איז נישט לאנג געווען, האט דער פרעזידענט ה' בערקמאן פארגעטראגען א פראיעקט, מען זאל ברענגען פון קישינוב 10 יתומים און מען זאל זיי אין ווארשא אויפהאדעווען אויף דער חברה'ס קאסטען. דער פראיעקט איז נישט אנגענומען געווארען, ווייל העלפט זענען געווען געגען דעם פראיעקט.

— דער פערסאנאל פון ה' ש. באראבאש קאנטאר אין אדעס האט בעשלאסען, צו געבען א האלבען פראצענט פון זייער חודש געהאלט פאר די פאראומגליקליכטע יודען אין קישינוב.

— איינינע פעטערסבורגער דאמען זענען געפאהרען קיין קישינוב, צו גרינדען דארטען א פריוט אויף דערוייל פאר די יתומים פון קישינוב.

— די רוסישע ליטעראטען אין פעטערסבורג האבען צווישען זיך צוזאמענגעקליבען 499,50 רובל פאר די פאראומגליקליכטע יודען אין קישינוב. צוזאמען מיט דעם געלד האבען זיי געשיקט א טרייסט בריף, אונטער וועלכען עס זענען אונטערגעשריבען די בעוואוסטע ליטעראטען קאראלענקא, נעמיראוו - דאנטשענקא, מיחאלאווסקי, אבאלענסקי און נאך פיעל אנדערע.

-- לויט די צייטונגען שרייבען בלייבט דאס מיליטער אין קישינוב דעם גאנצען זומער.

— ווען דער קאמאנדיער פון מיליטער פון אדעסער אקרוג גראף מוסין־פושקין איז געוועזען אין קישינוב האט ער אויפגענומען א יודישע דעפוטאציע. דער גראף האט אויך בעזוכט די שפיטאלען אין קישינוב.

די חברה „מבשרת ציון” אין פאריז האט בעשלאסען ביי דער לעצטער אספה, צו העלפען די אומגליקליכע יודען אין קישינוב. א חוץ די נדבות פון די חברים האט זי בעשלאסען אבצודרוקען א „קול קורא” און צונויפצוקלויבען געלד ביי אלע פראנצויזישע יודען.

שבת אחרי מות קדושים, האט מען אין פרילוק'ער (פאלט. גוב.) גרויסער שוהל געמאכט הזכרת נשמות די קישינובער הרוגים. דער רב ה' צירעלסאן און דער ראבינער לפידות האבען געהאלטען ווארעמע רעדעס.

א סך קישינובער יודען האבען בעשלאסען צו עמיגרירען קיין אמעריקא, א קליינער טייל אויך קיין ארץ ישראל.

---

## וואס רעדט מען וועגען פאגראם ?

אויסער די צייטונגען, וועגען וועלכע מיר האבען געבראכט אין פאריגען נומער, האבען זיך אנגערופען וועגען קישינובער פאגראם נאך עטליכע רוסישע צייטונגען.

דא האט געשפיעלט די הויפט־ראלע, זאגט „רוס. וועדאמאסטי” דאס סיסטעמאטישע אנרייצען אויף יודען פול מיט שנאה צו זיי. אין דעם בעשולדיגט מען די דארטיגע צייטונג „בעסאראבעץ”. „רוס. וועד.” ווענדעט זיך דעם בעסערען טייל פון דער רוסישע פרעסע, זי זאל זיך ראנגלען מיט דער פרעסע, וועלכע פערשפרייט שנאה צו מענשען.

נאך שארפער איז ארויסגעטרעטען דער מאסקווער „קורייער” געגען די אנטיסעמיטישע פרעסע אין רוסלאנד.

פאר וואס, פאר ווען און וואס איז די אורזאכע פון דעם פאגראם א. ד. ג. דאס אלעס וועט זיך שפעטער אויסווייזען.

וואס קענען אבער מיר, קריסטען, שוין איצט זאגען צו אונזער פארענפערונג ? — גאר ניט מיט נישט, ווייל אונזער שולד זעהט יעדער פאר אונזערע אויגען האבען זיך אבגעטאן שרעקליכע זאכען און אז מיר האבען דאס צוגעזעהען רוהיג און אבגעוואשען די הענט איז דאס א פערברעכען.

וויפיעל יאהרען ארבייטען די דאזיגע מענשען, רייצען אן דעם המון געגען יודען, וויפיעל הונדערטער טויזענטער מענשען האבען זיי פארדארבען, פארגיפטעט מיט דער מיאוס'ער קרענק פון שנאה צו מענשען. מיט יעדען ווארט האבען זיי געוועקט די ווילדע תאוות, און דער סוף איז געווען — די רציחות אין קישינוב, וואס דערמאהנען אונז די אמאליגע פינסטערע יאהרען. מיר אלע האבען דאס געוואוסט און געשוויגען. מיר זעהען איצטער צו, וואס עס טוט זיך און שווייגען, שעמען דארפען מיר זיך, ווארום ווייטער געהן, דאכט אונז, קאן מען שוין נישט!

די אנרייצער אבער זענען נאך נישט צופרידען. פאר זיי איז דאס ווענינ. דער „בעסאראבעץ” האט שוין ווייטער אויסגעטראכט א מעשה וועגען א קריסטליך־קינד, וואס איז כלומר'שט פערשוואונדען אין קישינוב.

„זנאמיא” דרוקט שוין א מעשה, אז דער יודישער קהל האט גע'הרג'עט א מענשען. נו און „נאוואיע ווערעמיא”...

וועגען „נאוואיע ווערעמיא” איז כדאי א ביסל בעזונדער צו רעדען.

די „נאוואיע ווערעמיא” האט געדרוקט א גאנצע מאסע שענדליכע ארטיקלען, דורך וועלכע זי האט פארבערייט די רציחות אין קישינוב. די קארעספאנדענציעס פון דובאסאר האבען ווידער אויפגעלעבט די אמאליגע „עלילות־דם”. אין יעדעס ווארט שטעקט א שרעקליכע שנאה צו יודען, יעדע שורה איז פול מיט ליגען און רכילות. און מיט אמאל קומט דער פאגראם — און „נאוואיע ווערעמיא” ווערד גאר אנשוויגען. וואס האט בשעת מעשה געטראכט די צייטונג ? אפשר האט זי זיך געפרייט, און אפשר האט זי זיך אליין דערשראקען פאר איהר אייגענעם נצחון ? ענדליך האט זי אנגעהויבען רעדען נאך אמאל. אין דער נומער פון 19 אפריל איז שוין דא איין ארטיקעל פון קישינוב. וואס מיינט איהר שרייבט מען דארט ?

„יעדען טאג געפינט מען אין שטאדט דער'הרג'עטע — קריסטען. די אופראווע וויל קיין געלד נישט געבען פאר די ארעמע יודעי וואס האבען געליטען פון פאגראם, ווארום ביי יודען איז דא גענוג קאראבקע־געלד. שולדיג זענען יודען, די יודען ווייזען אב אויף דרון רייכע און געשעצטע קריסטען, אז זיי האבען אנגערייצט דעם המיי

צו מאכען א פאגראם, ווייל זיי ווילען פון זיי אויפמאהנען זייערע היזיקות.

אט אזוי רעדט „נאוואיע ווערעמיא" וועגען די אומגליקליכע אבגעראבעוועטע יודען. וואס קאן מען צו דעם זאגען? עס ווילט זיך גאר נישט גלויבען, אז מען האט אזוינע ווערטער געלייגט, מען ווייסט נישט, איז ד..ס פראסט משוגעת אדער די צייטונג לאכט זיך אויס פון יודישע צרות?

נאר גענוג. מיר זענען אליין אין אלעם שולדיג... ווען מיר זעהען דאס אלעס צו, און שווייגען...

„פעט. וועד." איז ווידער ארויס מיט איין ארטיקעל, וואו זי בע־שולדיגט די קישינובער צייטונג „בעסאראבעץ", אז זי האט יאהרען לאנג אנגערייצט די שטילע קריסטען אויף יודען, וועלכע האבען פון תמיד אן געלעבט צווישען זיך אין גרעסטען שלום.

די אנטיסעמיטישע צייטונגען. ווי „נאוואיע ווערעמיע", „זנאמיא", „בעסאראבעץ" און „סוועט", הערען אפילו איצטער אויך ניט אויף ארויסצוווייזען, ביי יעדער קלענסטער אורזאכע, זייער שנאה צו יודען.

די צייטונג „סוועט" למשל וויל אפילו פארביטען יודען צו וויינען אויף די פרישע קברים פון קישינובער בית הקברות.

די פעטערסבורגער יודען האבען זיך צוזאמענגעקליבען אין דער גרויסער שוהל מאכען הזכרות נשמות די געהרג'עטע יודען אין קישינוב.

און סוועט זאגט מכח דעם:

„יודען האבען באין אופן קיין שום רעכט צו מאכען הזכרות נשמות, ביי יודען איז גאר קיין תפלות ניט דא פאר קיין טויטע".

אט אזוי קענען זיי יודען און דאס יודישע לעבען און ווייסען וואס יודען מעגען און טארען ניט אפילו לויט די יודישע דינים און אזוינע מענשען געבען פארשידענע עצות, ווי אזוי צו מאכען א סוף מיט דער יודישער פראגע.

---

# פאליטישע ענינים.

(די לאגע אויף דעם באלקאן. אלבאניע און איטאליע דער ענגלישער קעניג אין פאריז. דער דייטשער קייזער אין רוים).

די לאגע אויף דעם באלקאן ווערד וואס אמאל ערענסטער, וואס אמאל שרעקליכער. די לעצטע ידיעות, וואס דער טעלעגראף ברענגט, בעאונרוהיגען זעהר. די מורדים בעגניגען זיך נישט מעהר מיט פראסטע געוועהר ווי שווערדען און ביקסען, זיי בענוצען זיך שוין מיט דינאמיט. אין פאריגען נומער האבען מיר געבראכט די ידיעות פון סאלאניקי, אז דארטען האט מען אונטערגעמינעט גאנצע גאסען, היינט קומען אן די אייגענע ידיעות פון קאנסטאנטינאפאל. איינינע געזאנדטע האבען בעקומען התראה־בריף. די פרעמדע וואס וואהנען אין קאנסטאנטינאפאל גרייטען זיך צו צום אבפייזען, אין סאלאניקי שטעהט גרייט א דייטשע שיף אויפצונעמען אלע דייטשע אונטערטאנען פון קאנסטאנטינאפאל באלד ווי די לאגע וועט דארטען שטרענגער ווערען. די טערקיי איז זעהר בעזארגט וועגען די דאזיגע אונרוהען און קאן זיך קיין עצה נישט געבען. ווי לאנג די מורדים זענען געוועזען נאר מאקעדאניער האט די טערקיי עס געהאלטען פאר גרינג; היינט, אז די אלבענעזער האבען אויך אנגעהויבען זיך צו בונ־טעווען, איז די טערקיי זעהר אונרוהיג. איינשטילען די אלבענעזער, וועלכע קאן געוואהנליך נישט אבגעהן אהן בלוט פארגיסען, הייסט מאכען איין אפעראציע אין דעם אייגענעם גוף, זיך שניידען דאס אייגענע פלייש מיט א מעסער, דען דאס רוב אלבאניער זענען פון מאחמעדאנישען גלויבען און זענען די בעסטע און טרייעסטע אונטער־טאנען פון סולטאן, די אלבאניער זענען גרויסע מלומדי מלחמה און העלפען דעם סולטאן זעהר פיעל מיט זייער גבורה, ווען עס מאכט זיך נאר א מלחמה צווישען טערקיי און איין אנדער רעגירונג.

און נישט נאר טערקיי אליין איז בעזארגט וועגען די אלבאניער, נאר אויך איטאליע זארגט שטארק וועגען דעם. איטאליע האט שוין פון לאנג חשק צוצונעהמען אלבאניע פאר זיך, דערמיט וועט זי האבען די אויבערהאנד אויף דעם אדריאטישען ים. דאס אבער געפעלט נישט עסטרייך, וועלכע האט אויך א שייכות צום אדריאטישען ים. עסטרייך מיינט, אז פאר איטאליע, איז גענוג וואס זי האט אגלייכע רעכט אויף דעם אדריאטישען ים מיט עסטרייך און טערקיי, אבער נישט זי זאל האבען די אויבערהאנד. עסטרייך קאן אפילו נישט מסכים זיין אויף דעם פראיעקט, וואס דער איטאליענישער דיפלאמאט סאן דזשי־לאנא האט פארגעלעגט, אז איטאליע מיט עסטרייך זאלען זיך צו טיילען מיט אלבאניע. עסטרייך וועט פאר קיין פאל נישט צו לאזען, אז די פיעל יעהריגע מיה, וואס די עסטרייכישע קולטור האט זיך בעמיהט אין אלבאניע, כדי דארט איינצופיהרען אייראפעאישע זיטען און וויסענשאפט, זאל נישט געהערען עסטרייך אליין. נאר זי זאל זיך עס מוזען טיילען מיט איטאליע. און מעהר ווי איינפיהרען אייראפעאישע קולטור און האבען פרייען האנדעל אין אלבאניע וויל עסטרייך נישט, עסטרייך קלערט אפילו נישט צו מאכען אלבאניע אמאל פאר איין עסטרייכישען פראווינץ. אויך דענסמאל נישט ווען די טערקיי וועט צעבראקעלט און צעטיילט ווערען און אלבאניע וועט ווערען אקליינע רעגירונג, אויך דענסטמאל וועט עסטרייך בעטראכטען אלבאניע ווי זי בעטראכט און בעהאנדעלט די איבריגע קליינע מלוכות אויף דעם באלקאן האלב־אינזעל.

איטאליע האט, ווי מיר זעהען, נישט צו רעכענען, אז עסטרייך זאל איהר העלפען צונעהמען אלבאניע, אדרבא עסטרייך וועט איהר נאך שטערען אין דעם ווי ווייט זי וועט קענען און יעדען שריט וואס איטאליע בעגעהט מוז זי טון אויף איהר אייגענע אחריות און דעריבער איז איטאליע זעהר בעזארגט.

דערפאר אבער זארגט דער דייטשער קייזער ווילהעלם און דער ענגלישער קעניג עדוארד זעהר ווייניג פאר דעם וואס עס קומט פאר אין טערקיי און זיי מאכען גאר לוסט־רייזעס. עדוארד דער ענג־לישער קעניג האט איינינע טעג פערבראכט אין פאריז, וואו ער האט גרויס כבוד געהאט פון די פראנצויזען. דער עולם מיינט אפילו, אז דא ליגט עפיס בעהאלטען א פאליטיק, אז דער ענגלישער קעניג וויל א ביסל שוואכער מאכען דאס גוטפריינדשאפט, וואס האט זיך דאס לעצטע צייט געוויזען צווישען דייטשלאנד און פראנקרייך, ווייל פאר ענגלאנד לוינט בעסער, אז דייטשלאנד און פראנקרייך זאלען זיך האלטען פון דער ווייטענס; נאר נישט אלץ וואס דער עולם מיינט איז אמת, די רייזע פון דעם ענגלישען קעניג איז פשוט א לוסט־רייזע, ווי עס מזיהען אלע אייראפייאישע מלכים באלד ווי זיי שטייגען ארויף אויף דעם ט. אן. און ווען נישט די קראנקהייט, וועלכע האט זיך ערשט

אין אנפאנג פריהלינג אין גאנצען אויסגעשטאנען ביי ן ים ענגלישען קעניג, וואלט ער שוין פאריגעס יאהר געמאכט די רייזע. מען רעכענט טאקי, אז אויך קיין פעטערסבורג וועט אין גיכען דער ענגלישער קעניג מאכען א רייזע. אונ אויך אין די רייזע וואס דער דייטשער קייזער האט געמאכט אין איטאליע ליגט קיין שום פאליטישע זאכען נישט בעהאלטען, דאס צאהלט ווילהעלם אב מיט אנגענען־וויזיט דעם איטאליענישען קעניג פאר דעם וויזיט, וואס ער, וויקטאר עמנואל, האט איהם פאריגעס יאהר געמאכט.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— נישט לאנג זענען אין ווארשא אנגעקומען 3 חינעזישע סוחרים, וועלכע האבען מיט זיך מיט איין איבערזעצער אונ בעזוכען די ווארשעווער סוחרים. פון ווארשא וועלען זיי פאהרען קיין לאדז אונ די אנדערע מאנופאקטור־שטעדט אין פוילען, דארטען צו קויפען פארשידענע מאנופאקטור־סחורות.

— די זאכסישע קראנפרינצעסין, וועלכע איז אנטלאפען פון איהר מאן האט געבארען א טאכטער.

— איין אויסלענדישע פירמא האט באשטעלט אין מאסקווא 80,000 דערשאסענע סאראקעס, צו בעפוטצען מיט זייערע פעדערן דאמען־היט.

— אין פעטערסבורג איז צוריקגעקומען איינער א שטאבסקאפיטאן, שולזשענקא, וועלכער איז געפאנגען געווארען פון די ענגלענדער אין די לעצטע מלחמה צווישען די בורען אונ ענגלאנד. ער איז דריי יאהר בסדר געווען געפאנגען אין אינדאסטאן אונ מע האט איהם נישט בעפרייט ווען אפילו עס איז שוין געווארען שלום. אונ נאר א דאנק א געוויסע ענגלישע צייטונג, וואס האט זיך פאר שולזשענקא אנגענומען אונ דער ווי־צעקעניג פון אינדאסטאן האט געהייסען, מען זאל איהם בעפרייען.

— אין בערלין האט זיך געגרינדעט א דאמען־ביורא, וועלכער זארגט פאר די פרויען, וואס רייזען אליין אין דער ווייטער וועלט אהן א בעגלייטונג פון א מאנסביל.

— אין עסטרייך האט מען בעשטימט א קאנקורס אויף א שטעלע אין א שטראף־אנשטאלט, צום קאנקורס ווערען אויך פרויען אנגענומען.

— אין יאהר 1901 זענען אין ענגלאנד געוועזען 1236 ארבייטער־פער־איינען מיט 1,922,780 מיטגלידער, דערונטער 144 פרויען־ארבייטער פער־איינען מיט 120,078 מיטגלידער.

— מעהרערע פרויען אין פאריז, וועלכע געהערען צו דער נאציאנאליסטישער פארטיי, האבען צוריקגעשיקט די בילעטען, וואס מען האט זיי צוגעשיקט צו קומען אין טהעאטער, וואו מען וועט פארשטעלען פארשידענע טהעאטער־שטיקע לכבוד דעם ענגלישען קעניג, וועלכער איז איצט אין פאריז.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דעם „המליץ" שרייבט מען אויס אדעסא: ביי אונז איז רוהיג, דער מסחר געהט ווי געוואהנליך. מיר האבען זיך אפילו שטארק געשראקען, אז ביי אונז זאל נישט פאסירען דאס איינענע וואס אין קישינוב, אבער א דאנק אונזער פאליציימייסטער, וואס האט פערהיט עס זאל קיין אומרוהען נישט זיין, איז מעהר ווי קיין שרעק נישט געוועזען.

— נישט לאנג האט דער ווארשעווער גענעראל־גובערנאטאר טשארטקאוו בעזוכט דעם יודישען שפיטאל אונ די היגע[illegible] אויס־שטעלונג.

— דאס שטעדטעל פאהאסט זאנאראדי (מינסק גוב.) איז אי[illegible] גאנצען אפגעבראנט. ארום 200 יודישע פאמיליען זענען געבליבען אהן וואהנונגען אונ אהן ברויט. הילף איז נייטיג.

---

# קארעספאנדענציעס.

קישינוב. אין שטאדט הערשט א מרה־שחורה, אויף אלע גאסען שטעהען רעדלעך יודען, וואו מע שמועסט וועגען דעם גרויסען אומגליק, וואס האט יעדען איינציגען געטראפען, אונ איינער דעם אנדערען פרעגט, וואס וועט ווייטער זיין? ביז דעם 17־טען ד. מ. איז געווען פארמאכט, אלע געשעפטען, מע האט אלם מורא געהאט פאר נייע אומרוהען, נאר איצט האט מען שוין געעפענט אונ עס נעמט זיך קיינעם גאר ניט צו טון. א סך געשעפטען זענען נאך איצט אויך פארמאכט, וועלכע די רויבער האבען זיי אין גאנצען אויסגעליידיגט, אז עס איז אין זיי גאר ניט געבליבען. אין קישינוב האט מען ביז איצט צונויפגענומען איין ערך פון 60.000 רובל אונ מע דענקט, אז עס וועט ווערען אריבער 100,000. דאס מייסטע געלד איז געווארען געזאמעלט פון דער העכערער אונ מיטלע קלאס מענשען, וועלכע האבען נאר אין גאנצען ניט געליטען פון פאגראם. יעדען טאג קומען אן נדבות פון אלע ערטער, וואו מע האט נאר דערהערט פון דעם אומגליק. פון ווארשא שרייבט מען, אז מע האט שוין אין ניו־יארק אנגעהויבען זאמלען געלד פאר קישינוב. דאס יודישע הארץ איז גערירט געווארען אפילו פון יענער זייט ים. — אין שטאדט ווערד אלע טאג געבארען נייע ניט פריילכע זאכען, וואס פוסטע מענשען טראכטען אלע מאל אויס, אונ אונזערע איבערגעשראקענע יודען שרעקען זיך נאך מעהר. מע קאן זאגען, אז יעדער איינציגער האט מורא פאר זיך אליין. עס וואלט זעהר גלייך געווען, מע זאל זיך ווענינער צוהערען צו די פאלשע שמועות אונ מע זאל זיך שוין בערוהיגען, וואלט דער האנדעל איבערנייעס זיך אנגעהויבען. דער גובערנאטאר לאזט צו יעדע חברה יודען, ווען מען קומט זיך קלאגען צו איהם וועגען די שמועות, וואס טראגען זיך ארום אין שטאדט. ער בערוהיגט זיי אונ זאגט צו, אז ער וועט אנווענדען אלע מיטלען איצט צו פארהיטען. אויך דער פאליציימייסטער האלט רעדעס פאר די יודען. דעם 21־טען ד. מ. ביי טאג איז אנגעקומען פון אדעס דער גענעראל־גובערנאטאר ה' מאסין־פושקין, ער האט בעזוכט דעם שפיטאל, אין וועלכען ער האט זיך פארזוימט א פאר שעה אונ האט בעטראכט די אלע פארוואונדעטע. ער האט זיי געזאגט, אז זיין הארץ טוט איהם וועה אויף דעם אומגליק, וואס האט פאסירט. דער גענעראל־גובערנאטאר האט זיך זעהר אינטערעסירט מיט דעם אומגליק וואס האט יודען געטראפען אין קישינוב אונ האט אויף דעם וואגזאל אבגעשטעלט איינצעלנע יודען אונ זיי אויסגעפרעגט וועגען דער טרויריגער לאגע אונ בערוהיגט זיי. איינינע האבען זיך געקלאגט אונ דאביי געוויינט, וואס מע האט פון זיי געמאכט, אונ ער האט זיי געענטפערט, אז זיי האבען זיך ניט וואס צו שרעקען, זיי זאלען זיין רוהיג אונ זיכער פאר נייע אונרוהען. דער ראבינער ה' עטינגער איז ארויס געפאהרען פון קישינוב, צו בעזוכען איינינע שטעדט, וואו ער וועט ערקלערען דעם גרויסען אומגליק, וואס האט געטראפען אונ וועט אויסנעמען נדבות. דערויף האט ער בעקומען ערלויבניש פון

קישינובער גובערנאטאר. — איך בין געווען אין יודישען שפיטאל, בין איך קוים א לעבעדיגער פון דארט ארויס פאר גרויס יסורים צו זעהען די שרעקליכע לאגע פון די געראנגעטע, אונטער וועלכע עס איז דא איינער זעלצער, וואס זיין פאטער יחיאל זעלצער האט מען געהרג'עט אונ דער אומגליקליכער ליגט אונ שרייט, ניט מיט קיין מענשליכען קול, מע האט איהם דעם קאפ שטארק צעקלאפט, אז מע האט איהם די געהירען אין קאפ צערודערט. די דאקטוירים זאגען, אז זיין לעבען איז אין גרויס געפאהר אונ אפילו ער וועט שוין בלייבען לעבען איז נישט כדאי, אז אזוינער זאל זיך מוטשען אויף דער וועלט. נאך האב איך געזעהען איינעם א מענשען פון מיטלע יאהרען ליגט אונ שרייט, צוהערענדיג זיך האב איך געהערט ווי ער שרייט: וואס טויג מיר מיין לעבען? בעסער וואלטען זיי מיך געווען געהרג'עט! נאך פארשענדיג וואס איהם איז האב איך זיך דערוואוסט. אז ער איז פריהער געווען א בלינדער אויף איין אויג, האבען איהם די מערדער געטראפען אונ זעהענדיג, אז ער האט איין אויג האט מען איהם דאס צווייטע אויך אויסגעשטאכען. א פרייליין פון א יאהר 17 אדער 18 שרייט ניט אויפהערענדיג אונ בעט אויף זיך דעם טויט. איהר האט מען די הענט מיט די פיס אויסגעדרעהט אונ צעבראכען. מעהר צו זעהען האב איך ניט געקאנט פארנעמען אונ בין פון שפיטאל א טויטער מענש אנטלאפען. — מע האט שוין אנגעהויבען צו משפט'ען די פאגראמשטשיקעס, נאר די, וואס מע האט ביי זיי געפונען זאכען אונ האבען זיי זעלבסט ניט אבגעגעבען צו דער פאליציי לויט דעם אויפרוף פון דעם פאליציימייסטער. איינגע האט מען גע'משפט פון 2 ביז 3 חדשים אסטראג אונ איינגע האט מען בעשטראפט ביז 6 חדשים אסטראג. די גרעסטע פארברעכער, ווי רוצחים אונ ד. ג. וועט מען משפט'ען אין „אקרוזשנא סוד".

אברהם ניסענבוים.

---

# בריוו פון פאריז.

נאך א הפסקה פון ניט מעהר ווי 23 יאהר האבען די חברי הועד פון דער חברה כל ישראל חברים אין פאריז בעשלאסען איין אספה כללית צו בערופען. ווי בעקאנט האט מען די לעצטע יאהרען זעהר פיעל איבער די חברה גערעדט. די ציוניסטען האבען זיך איבערהויפט געקלאגט, וואס די יודישע חברה, וועלכע פרעטענדירט צו פאראייניגען חברים כל ישראל, איז פיעל מעהר א פראנצויזישע, איין אליאנץ וואס קימערט זיך וועניג איבער יודישקייט, יודישע שפראכע אונ יודישע נאציאנאלע פראגען — אונ אלע האבען גערעכענט, אז אט דא אויף דער אספה כללית וועט מען געפינען א געלעגענהייט זיך אויסצוטענ'ען אונ דערמאנען די חברה, אז יודען האבען איצטער אנדערע אינטערעסען אונ צוועקען אלץ מיט 23 יאהר צוריק — אונ מיט דער ערווארטונג בין איך געקומען אויף דער אספה א ניי ווארט צו הערען...

דער זאל איז א גאנץ שענער. ליידער זענען דארט געווען אפשר 300 פערזאנען, פון זיי די העלפט תלמידים פון לעהרער־אינסטיטוט אונ גלאט איין עולם, — אונ דערביי פארגעסט ניט, אז די חברה האט איבער 30,000 חברים!.. עס זענען געקומען אויך דעלעגאטען פון אנדערע לענדער, אין גאנצען פי'ער, אונ אויך איין קריסטליכער געלעהרטער, אנאטאל לערוא באליא!.. ווי איהר זעהט, אלעס אין קליינעם.— קלענער די עולם ווי אויף די ציוניסטישע פארזאמלונגען, אבער די שמחה גאר ניט גרעסער, — עס שפירט זיך עפיס קעלט, טרוקענהייט, ווי עס בעדארף זיין אויף א חברה פון צדקה!

דער פרעזידענט, אדוואקאט ה' נארסים לעווען, מאכט איין איבערבליק איבער די פעולות פון דער חברה. ה' לעווען איז א גרייזער סימפאטישער מאן, דער לעצטע פון די 5 גרינדער פון די חברה כי"ח, וואס ער לעבט נאך. ער איז איין איש נכבד אונ האט באמת א יודיש הארץ, אונ ווען אלעס וואלט זיך טון ווי ער וויל, וואלט בעסער געגאנגען. ער רעדט לאנג, ער דערצעהלט ווי די חברה איז געגרינדעט געווארען מיט 43 יאהר צוריק, מיט א דאפעלטען צוועק: א פאליטישען אונ א מאראלישען. ביז דעם יאהר 1880 האט די חברה געשפיעלט א גרויסע ראלע אונ האט ווירקליך פיעל אויסגעטאן צו פארבעסערן די לאגע פון אונזערע ברידער אין מאראקא, רומעניע אונ אין נאך אנדערע לענדער. זי האט פיעל געווירקט אויף דעם בערלינער טראקטאט, וועלכער, ווי בעקאנט, האט אויף פאפיער יודען רעכט געגעבען אין רומעניע, בולגאריע א. ז. וו.

צייט דער אנטיסעמיטישער בעוועגונג האט זי ליידער פאליטיש זעהר וועניג געקאנט אויפטון, דערפאר האט זי מאראליש מעהר געווירקט. זי האט אין 1869 די ערשטע יודישע גרופע פון 475 פערזאנען נאך אמעריקא געשיקט, זי האט 1880 יאהר מיטגעהאלפען די גרויסע עמיגראציאן אונ מיט דעם האט זי א דרך די עמיגראנטען אין אמעריקא געוויזען. אלץ א טייל פון די עמיגראנטען, בעלעבט פון א יודישען געפיהל, זענען נאך ארץ ישראל געגאנגען, קאלאניען צו גרינדען, האט זיי פריהער די חברה אליין אונ נאכדעם מיט דער הילף פון דעם באראן ראטהשילד געשטיצט אונ אויפגעהאלטען אונ היינט האבען מיר יודישע קאלאניסטען אין דעם לאנד „פון די גרויסע פארגאנגענהייט אונ פון פיעל האפנונגען לעתיד לבא". עס איז אויך צו בעמערקען, אז די חברה האט נאך דארט פריהער די ערשטע יודישע אקערבוי־שולע געגרינדעט, גענאנט „מקוה ישראל". די חברה האט אויך דורך דעם באראן הירש אין ארגענטינא געארבייט. אונ איבערהויפט האט זי אין די ווילדעסטע לענדער אין אזיע אונ אין אפריקא שולען געגרינדעט, בילדונג אונ מלאכות פארברייטערט. ה' לעווען דערמאהנט. אז אין רוסלאנד האט די חברה פיעל ניט געקאנט טון, ווייל די רוסישע יודען זענען באמת א קולטור־פאלק, זיי האבען א ליטעראטור, געלעהרטע, בילדונג אונ בעלי־מלאכות צופיעל. די לעצטע צייט קריטיקירט מען פיעל די חברה, אין אמת'ען נעמען מיר אן אלע גלייכע עצות; דאגעגען קענען מיר ניט צוהערען צו אונפראקטישע חלומות... אונזער תכלית איז צו ארבייטען פאר יודישקייט אונ מענשליכקייט אונ מיר פאדערען אויף אלע יודען מיט אונז צוזאמען פראקטיש צו ארבייטען...

נאכדעם האט דער סעקרעטער ה' יעקב בינאר פארגעלעזען דעם בעריכט פון 1895 ביז היינטיגען יאהר. ער דערצעהלט, אז די חברה האט 118 בילדונגס שולען מיט 30,000 שילער אונ שילערינען, אויסער 54 פראפעסיאנאל שולען, 2 אקערבוי־שולען, איין לעהרער־אינסטיטוט אין פאריז אונ איין ראבינער שולע אין קאנסטאנטינאפאל. אונ רומעניע האט די חברה זעהר פיעל יודען געשטיצט. אין אלע

